# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring

























Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.



Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Shakespeare, William.
Shaylok, oder, Der koyfman fun Venedik
Nyu York: Hibru Poblishing Kompani, [19--]

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1882.21

**Shakespeare, William, 1564-1616.**
Merchant of Venice. Yiddish
Shaylok, oder, Der koyfman fun Venedik / fon Villyam Shekspir ; iberzetst fun Y. Bovshover.
Nyu York : Hibru Poblishing Kompani, [19--]
Varying form of title: Shaylak Koyfman fun Venedik
116 p. ; 21 cm.

1. Shakespeare, William, 1564-1616--Translations into Yiddish.
2. English drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Bovshover, Joseph, 1873-1915. II. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B6188 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: 106234

Reduction ratio X 10.0

# שײַלאָק

אָדער

## דער קױפמאַן פון װענעדיק.

פאָן

## װיליאַם שעקספיר.

איבערזעטצט פאָן

## י. באװשאװער.

פרייז, 15 סענט.

דרוק אונד פערלאג פון

די היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני,

122־128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין, נייאָרק.

HEBREW PUBLISHING CO.,

122-128 Leonard Street, Brooklyn, New York.

# שײַלאָק

אדער

## דער קויפמאן פון ווענעדיק.

פאָן

## וויליאם שעקספיער.

איבערזעצט פאָן

## י. באוושאווער.


פערלאג פאָן

דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,

122־128 לעאָנאַרד סט., ברוקלין.

# א קורצע-ביאגראפיע פון שעקספיער.

---

וויליאם שעקספיער, דער גרעסטער ענגלישער דיכטער, און גרעסטער דראמאטיקער פון דער וועלט, איז געבאָרען געוואָרען אין ענגלאנד, אין דער שטערטעל סטראטפאָרד ביי דער טייך אוואָן. זיינע עלטערן זיינען געוועזן ארימע בעלי בתים. און האבען איהם ניט געקענט געבען קיין בילדונג, ער האָט געלערענט אין סקול א זעהר קורצע צייט, און האָט דאַן גענומען ארבייטען צו העלפען זיינע עלטערן. ווען ער איז אויפגעוואקסען איז ער אוועק נאָך לאנדאָן, האבענדיג פריהער געהייראטה א מיידעל וועלכע איז עלטער געוועזן פאר איהם מיט אכט יאָהר. אין לאָנדאָן, זאָגען זיינע ביאָגראפיקער, האט ער אָנגעפאנגען זיינע קאריערע דער מיט וואָס ער האט צוגעהאלטען דיא פערד פון לאָרדען און דזשענטעל-לייט וועלכע פלעגען קומען זעהען דיא פאָרשטעלונגען, אָדער דער מיט וואס ער פלעגט ערשיינען אויף דער ביהנע אלס שטומע פערזאָן. ער האָט אָבער באלד אָנגעפאנגען בעקאנט צו ווערען צווישען דיא אקטיאָרען אלס שרייבער און אקטיאָר, און האט אָנגעפאנגען צו פערדיענען מעהר געלד. ווען ער איז אלט געווען ניין און צוואנציג יאָהר האט ער געשריבען זיין ערשטע גרויסע ווערק „ווענוס און אדאָניס" וועלכע האט אנגעמאכט א שטורעם אין ענגלאנד, און האָט איהם באלד בעריהמט געמאכט. נאכהער האט ער אָנגעפאנגען איבער צומאכען דראמען, קאָמעדיען, און אנדערע טהעאטער-ווערקע און ענדליך חאט ער אנגעפאנגען צו שרייבען זיינע וועלט-בעריהמטע, אונשטערבליכע און אונאיבערטרעפליכע ווערקע, איז געוואָרען א שער-האלדער אין טהעאטער, האט געהאנדעלט מיט לאנד, און איז בעריהמט געוואָרען איבער גאנץ ענגלאנד אלס דער גרעסטער געדאנקען-רייכסטער, און דראמאטיש-שטארקסטער דיכטער.— ער איז געשטאָרבען אין זיין געבורטס-שטאָדט אין אלטער פון צוויי און פופציג אדער איין און פופציג יאָהר, און חאט איבערגעלאָזען צוויי טעכטער, און א ציטליך גרויסע סומע געלד.

---

# פאררעדע צו שאילאק.

---

פיעלע יידישע לעזער קענען געפינען וואס אויסצוזעצען נעגען שאילאק, דענקענדיג דאס אין דעם חאראקטער פון שאילאק האט דער זאגענאנטער שונא ישראל שעקספיער הערויסגעשטעלט דעם יידען וויא ער שטעהט און געהט, ד. ה. דעם יידען וויא דיא שונאי ישראל בעטראכטען איהם,—דעם געמיינעם, געלד־מאכענדען שאכער־מאכער׳דיגען, פון דיא אנדערע פעלקער אבגעזאנדערטען, זיין פאמיליע־ליעבענדען אידען, וועלכער איז א פראצענטניק וויא פון דער נאטור און א חונף אויס שלאנגען ארטיגער גלאטקייט, און ניפטיגקייט. אבער אויב מאנכע לעזער, וועלען דענקען, אדער דענקען אזוי, האבען זיי א טעות. שעקספיער, וויא ווייט מען קען פון זיינע ווערקע פערשטעהן. זיין חאראקטער, זיין גייסטעס—גרויסקייט, דיא רייכקייט פון זיין נאטור, און זיין גרויסע ליעבע, איז געוויס פעהיג געוועזן צו פערשטעהן, און האט פערשטאנען פון וואו דער איינגעבוינענער רוקען, דער שטילער גייסט וואס שארט זיך און גנב׳עט זיך העריין אין דער וועלט, פון וואו דיא פערביסענע, אין זיך שטאלצע, איך וואלט קענען זאגען ביטרע אונטערטהעניגקייט נעהמט זיך ביים אידען,—שעקספיער, זאג איך, האט עס געוויס געקענט פערשטעהן, און ניט ער איז געוועזן א מענש צו פערדאממען, צו פערשווארצען, אהנע גרינדליך אויסצופארשען, פאנאנדערצופלאנטערן, און צו דערגעהן דעם גרונד, דיא אורזאכע פון א מענשענ׳ס, אדער פון א פאלקס האנדלונגען, און נאטירליכע, אדער אנגענומענע חאראקטער־ציגע. אויך ניט שעקספיער איז געוועזן דער מענש וואס האט געקענט הערויסשטעלען דיא שטארקע זייטע פון א מענשענ׳ס חאראקטער,—דיא גערולד וועלכע האט לאנג געשווינען, אריבערגעטראגען פיעלעס, און האט ענדליך געפלאצט—אום דעם מענשען דאדורך צו פערשווארצען, אום צו בעווייזען דיא געמיינהייט פון זיין נאטור. שעקספיער וועמעס זעעלע איז געוועזן אזוי ערהאבען, אזוי שטאלץ, אזוי אמביציעז, און הערש־זיכטיג, — שעקספיער וועלכער האט געזעהען מיט זיין גייסטיגער אויג קעניגע זיך בוקענדיג צו איהם, און פיעלע דורות איהם פערגעטערענדיג — שעקספיער פון וועמעס נשמה, פון וועמעס פאנטאזיע. אזוי פיעל העלדען, מענשען—ריעזען, קעניגע טיראנען, הערשער, און פהילאזאפען זיינען ארויסגעשפרונגען, ארויסגעוואקסען, לעבעדיג און אטהמענד, וויא פון דעם שעפער׳ס האנד,—האט דיזער שעקספיער געקענט פערדאממען א מענשען דאפיר וואס ער האט זיך ניט געלאזט אימער קריכען



אויפ׳ן קאפ, און איז געדולדיג געוועזן ביז א צייט?—דורכ־בלעטערענדיג עטליכע פון שעקספיער׳ס ווערקע קען מען באלד זעהען וואס שעקספיער האט געדענקט פון זיך, וואס פאר א קראפט, וואס פאר אן אויטאריטעט ער האט אין זיך געפיהלט צו זאגען וואס ער דארף, אויסצושטעהן פאר דער וועלט אלס שטראפער און לעהרער, און וואס פאר א מיינונג ער האט געהאט וועגען אונטערדריקונג, מיט וואס פאר אן אויג ער האט געקוקט אויף דיא „גרויסע“, דיא הערשער, דיא קעניגע, פרינצען און לארדען צווישען וועלכע ער האט אפט געלעבט, און וויא ער האט אין גרונד הארצען ניט איינגעשטימט מיט זייער אונגערעכטיגקייט, און אויסגעלאסענע מענשענ־פרעסעריי. און האט דיזער שעקספיער געקענט ארויסשטעלען שאילאק אזוי וויא ער האט איהם ארויסגעשטעלט, אום צו פערדאממען איהם און זיין ראססע דאפיר וואס ער האט זיך ניט געלאזט אימער טרעטען מיט דיא פיס, אימער שפייען אין בארד, אימער פון זיך אפלאכען, און אימער געשטערט צו זיין אין זיינע געשעפטען? איז עס ניט לייכט צו פערשטעהן, דאס שאילאק, וויא „האמלעט“ וויא „קעניג ליער“, „אטהעללא“, און נאך פיעלע אנדערע חאראקטערע וועלכע שעקספיער האט געשאפען, איז א קינד פון זיין פאנטאזיע, פון זיין זעעלע, זיין אייגען בלוט און פלייש, איז א טהייל פון איהם? איז עס ניט לייכט צו פערשטעהן דאס דורך שאילאק׳ס ליפען רעדט שעקספיער אליין, דער שעקספיער וועלכער האט א לאנגע צייט געליטען ביז ער האט זיך ערווארבען א נאמען, וועלכער האט געליטען פיעלע ערניעדערינונגען און בעליידיגונגען פון דיא „גרויסע“ און פון פאלק,—וועלכען עס האט געקעהרט גריך׳און־גאל הערומקריכענדיג צוזאמען מיט דיא קליינע מענשען ווערימלאך, וועלכע זעהען ניט מעהר וויא בראקלאך, און נאך קלענערע ברואים׳לאך וויא זיי זיינען,—דער שעקספיער וועלכער האט פריהער געלעבט אין ארמוטה אין דער היים ביי דיא עלטערן, דאן צוגעהאלטען פערד, פאר דיא רייכע לארדען. און דזשענטעל־לייט וואס פלעגען קומען אין טהעאטער, און דאן געשטאנען אויף דער ביהנע אלס שטומע פערזאן, און דאן ערשט אנגעפאנגען צו ערווערבען זיך א נאמען דורך זיין שרייבען,—דער שעקספיער וועלכער האט זיך געמאכט פאר א פאיאץ פאר לארדען און גראבע פאלקס־יונגען וועלכע זיינען ניט ווערטה געוועזן דעם צוועקעל פון זיין פאדעשווע,—וועלכער האט זיך אנגעליטען זאנאר זייענדיג גרויס,—אנגעליטען אלס אקטיאר, אלס דער מאן פון א פרוי וועלכע האט איהם ניט פערשטאנען, אלס צערטליכער, ליעבענדער מענש, אלס גרויסער דענקער, און פריי־געזונטער מענש,—דער שעקספיער וועלכער איז גייסטיג געטראטען געווארען מיט דיא פיס? פיהלט איהר ניט דאס שעקספיער, דער פריהער אונטערדריקטער, נאכהער זיך.—

זעלבסט — בעפרייענדער מענש, מיט דער נעפלאצטער נעדולד, ־ערט הערויס פון שיילאק'ס ליפען.

שײלאק. סיניאר אנטאניא.

נאנץ אפט האט איהר אויף דער ריאלטא מיך
פערשפאט צוליעב מיין געלד און מ׳ין פראצענט —
׳ך פלעג אלץ א קוועטש טהאן מיט דיא פלייצעס און
פערשוויינען, דען דולדען איז דער שטעמפעל פון
מיין פאלק. אונגלויבינער, האלז־שניידער, הונד
רופט איהר מיך אן, איהר שפייט אויף מיין אידישע
קאפאטע, און דערפאר אלץ ווייל איך ניץ
מיין אייגען געלד; גאנץ רעכט! יעצט וויזט עס זיך
הערויס, דאס איהר בענעטהיגט זיך אין מיר
אזוי, אזוי! — איהר קומט צו מיר און זאגט:
,,שאילאק, מיר דארפען געלד!״ איהר זאגט עס מיר, איהר,
וואס איהר האט מיר געשפיגען אין דער בארד
און מיך פון אייער שוועל פערשטויסען ווי
מען שטויסט אוועק א הונגעריגען הונד.
געלד וויכט זיך אייך; וואס זאל איך איצטער זאגען?
זאל איך ניט זאגען: האט א הונד געלד?
איז'ס מעגליך, דאס א הונד זאל לייה'ן דריי טויזענד
דוקאטען?״ אדער זאל איך אפשר זיך
צו אייך יעצט בוקען מיט הכנעה, און
מיט א פערשטיקטען אטהעם, ווי א קנעכט,
שעפטשען צו אייך מיט אונטערטהעניגקייט:
,,מיין ווערטהער הערר, פערגאנגג'נעם מיטוואך האט
איהר מיך בעשפיגען, יענעם טאג האט איהר
אויף מיר געטראטען מיט דיא פיס, ניט לאנג
האט איהר מיך הונד גערופען, און דערפאר
וואס איהר האט מיר געצייגט אזא מין עהרע,
וועל איך אייך לייהען וויפיעל נאר איהר דארפט?״



שאילאק ניעט אויף איהם אכטונג געפענגניס־וועכטער.
רעדמיר ניט פון מיטלייד: דאס איז דאס דער נאר,
וואס האט געליהען געלד נאר אהן פראצענט.
ניעב אכט אויף איהם, געפענגניס וועכטער.

אנטאניא. הער מיך נאר רעדען, גוטער שאילאק.

שײלאק. איך וועל דעם אבמאך האבען. האסט מיך הונד
גערופען, איידער דוא האסט נאך געהאט
אן אורזאכע; דאך, ׳זוי וויא ׳ך בין א הונד,
היט זיך פאר מיינע צייהן. מיך וואונדערט דוא
נאכלעסיגער געפענגניס־וועכטער, וואס
דוא ליעבסט אזוי מיט איהם הערומצוגעהן
אויף זיין פערלאנג.

שײלאק איך וועל מיין אבמאך האבען: איך וועל ווידער דיך
ניט הערען רעדען. ׳ך וועל מיין אבמאך האבען,
און דארום רעד ניט מעהר. איך וועל ניט ווערען
א זאנפטער, בכינדער נאר, שאקלען דעם קאפ,
נאכגעבען, זיפצען און זיך אונטערגעבען
צו קריסטליכע פערמיטלער. געה ניט נאך.
וואס טוינ מיר רעד? איך וועל מיין אבמאך האבען

רעדט ניט אזוי א מאהל אין לעבען, אין דיא זעלבע, אדער אין עטוואס אנדערע ווערטער, יעדער אונטערדריקטער פערשפאטעטער און געפייניגטער מענש? רעדט ניט אזוי א מאהל דער ארבייטער צו זיין בעל הבית, דער ארימאן צום רייכען? האט דען ניט ברוטוס אזוי גערעדט צו צעזאר ווען ער האט איהם הערייננעשטאכען דעם שפיז אין הארצען; האט דען ניט אמעריקא גערעדט אזוי צו ענגלאנד ווען זיא האט זיך בעפרייעט פון דער ענגלישער טיראניי?—אמת, שאילאק איז אפילו א פראצענטניק וועלכער גלויבט דאס מען מוז האבען אין זינען ,,פעסט צו פערבינדען אום פעסט צו געפינען״ אבער זיינען דען דיא איבריגע פערזאנען פון דער שטיק בעסער פון איהם אין דער הינזיכט? וואס זיינען זיי? שנאר־קערלען, ליידאקעס, לײדינג־געהער א. ז. וו. און שטעלט זיי דען שעקספיער ארויס פאר פיינע

לייט? אנטאָניאָ שפּיט אויף שאילאָק אויף דער בערזע און דער אנוועזענהייט פון אַלע קויפלייט, לאַכט פון איהם, פון זיינע געשעפטען און זיין פאָלק, און אַלעס פאַר וואס? דערפאַר ויאס ער איז א איד! דאס טהוט ניט קיין מענש מיט פעפטע, עהרליכע, ליבעראלע אנזיכטען, און אויסער דעם זיינען אנטאָניא און זיינע איבעריגע פריינד פונקט אזעלכע געלד־מאַכער וויא שייכאָק איז; בעל־הבית׳ישע ליידינ־געהער וועלכע באָרגען געלד איינע פון דיא אנדערע אום עס צו פערשווענדען, לעבען א גוטען טאג, שנאָרען, הוליען און גיבען ניט א קלאַפּ א פינגער אָן א פינגער. דער אונטערשיעד פון זיי ביז איהם איז געמליך דער, דאס זיי מאַכען געלד דורך גע־שעפט, ד. ה. זיי נעהמען פּראָצענט אינדירעקט און ער מאַכט געלד און נעהמט עס דירעקט אין פּראָצענט.—וואס איז דער חילוק? — איהר זעהט אלזא, ביי א נע־נויער אַנאַליזירונג פון דיא כאַראַקטערע, דאס שעקספּיער האט ניט געצייכענט דעם אידען אלס טייפעל און דיא קריסטען אלס מלאכים. דער מענש וועלכער שטעלט אונטער דיא צווייטע באַק ווען מען פּאַטשט איהם אָן איין באַק איז א שמאַטע. אמת, צו געהן אימער נאָך דעם געזעץ פון „עין תחת עין,“ שן תחת שן“ איז אויך ניט קלוג; עס לוינט זיך אָפט ניט צו האבען צו טאָהן מיט נקמה נעהמען, אבער ניט אימער איז גוט צו פערשווייגען. מען קען דאדורך פערלירען דיא איינענע צר קונפט און אינדירעקט שאַדען אנדערע!

איך וואלט ראטהען דיא יעניגע וואס האבען דאס ווערק אין אריגינאַל ניט געלעזען, טיכטיג דורכצולעזען און דורכצושטודירען דיא איבערזעצונג אום צו קענען אורטהיילען מיט פערשטאַנד, אָהנע איבעראייכונג און אָהנע פאָראורטהייל.

אכטונגספאָל,

**י. באָושאָווער.**

# פערזאנען.

---

דער הערצאָג פון וועגעדיג.

~~דער פּרינץ פון מאַראָקקאָ~~ } יונגע לייט, וואס שרכענען זיך צו פּאָרציאַ׳ן.
~~דער פּרינץ פון אַרראַגאָן,~~

אַנטאָניאָ, קויפמאַן פון וועגעדיג.

באַססאניאָ, זיין פריינד, וועלכער שרכענט זיך אויך צו פּאָרציאַ׳ן.

סאָלאַניא, } אנטאָניאָ׳ס און באַססאַניאָ׳ס פריינר.
סאָלארינאָ,
גראַציאַנאָ,
סאַלעריאָ,

לאָרענצאָ, יעססיקא׳ס געליעבטער.

שאילאָק, אַ רייכער איד.

תובל, אַ איד, זיין פריינד.

לאַנצעלאָט גאָבבאָ, שאילאָק׳ס משרת.

דער אַלטער גאָבבאָ, זיין פאָטער.

לעאָנארדא, באַססאַניאָ׳ס בעדיענטער.

בלישאַנ, } פּאָרציאַ׳ס בעדיענטע.
סטעפאַנאָ,

פּאָרציאַ, אַ רייכע יורש׳טע פון בעלמאָנט.

נעריססאַ, איהר קאַמער־מעדכען.

יעססיקא, שאילאָק׳ס טאָכטער.

סענאַטאָרען פון וועגעדיג, בעאַמטע פונ׳ם געריכטס הויף, געפעננגניס־וועכטער, פּאָרציאַ׳ס און אנדערע בעדיענטע.

דיא האַנדלונג קומט פאָר טהיילווייז אין וועגעדיג און טהיילווייז אין בעלמאָנט.

# ערסטער אקט.

## ערסטע סצענע.

### א גאס אין ווענעדיג.

(אנטאניא, סאלארינא און סאלאניא טרעטען אויף.)

אנטאניא. איך וויים ניט, ווירקליך וואס איך בין אזוי
פערזארגט, ׳ס איז מיר שוין נמאס פונקט וויא אייך.
דאך וויא ׳ך האב מיר עס אנגענומען, און
פון וועלכען גוטען יאהר עס קומט צו מיר,
פון וואס פיר א מאטעריע ׳ס איז געמאכט,
פון וואס דאס שטאמט — דאס מוז איך ערסט דערגעהן.
דערווייל פערדרעהט עס מיר אזוי דעם קאפ,
דאס ׳ך וויים נאך קוים וואו ׳ך בין איצט אין דער וועלט.

סאלארינא. איהר זארגט צוליעב דעם ים? אייער קאפ איז דארט
וואו אייערע שטאלץ־בעזעגעלטע שיפען געהען
וויא דיא סיניארען אדער רייכע לייט,
אדער, זאל זיין, וויא דיא פאראדעס פון
דעם אקעאן, הערונטערקוקענדיג
מיט גאוה אויף דיא קליינע סוחרים׳לאך,
וואס נייגען זיך צו זיי מיט עהרפורכט, ווען
זיי שוועבען זיי פארביי מיט זייערע
געוועבטע פליגלען.

סאלאניא. גלויבט מיר מיין הערר,
וואלט איך געהאט אזעלכע שיפען דארט,
וואלט מיין נשמה זיין מיט זיי אויפ׳ן ים.
׳ך וואלט רייסען גראז צו זעהן אין וועלכער זייט
עס בלאזט דער ווינד, איך וואלט זיך גריבלען אין
לאנד־קארטען אום צו זעהן וואו ׳ס געפינט
זיך יענער האפען, אדער יענער וועג.



און אלעס וואס וואלט קענען סטראשען מיין
פערמעגען מיט אן אונגליק, וואלט געוויס
מיך אומעדיג געמאכט.

סאלארינא. און איך, ווען ׳ך וואלט בערעכענט וואס
א שטורם־ווינד קען אבטהאן אויפ׳ן ים,
וואלט מיך פערקיהלט אויסבלאזענדיג מיין זופ.
א קרעכץ פון זייגער — און עס וואלט זיך מיר
געטראכט פון פלאכע ערטער; ׳ך וואלט געזעהען
מיין רייכעס שיף הערייננעזעצט אין זאמד,
זיין העכסטער זעגעל שטאנג געבויגען ביז
צו דר׳ערד, פונקט וויא אן אלטער מאן וואס האלט
ביי׳ן שטארבען. היינט אין קירכע, ווען
׳ך וואלט זעהן דאס הייליגע געביי פון שטיין
וויא וואלט זיך מיר ניט טראכטען פון א פעלז,
וואס קען צושמעטערן מיין שוואכעס שיף,
צושפרייטען מיינע בשמים אויפ׳ן ים,
איינוויקלען דיא צורוישטע כוואליעס און
מיין זיידענ־ווארג און אין א רגע, מיט
איין ריהר, מיך מאכען פיר א קבצן? מיינט
איהר, דאס איך וואלט עס אלץ בעטראכט
און ניט בערעכענט, דאס אזא מין סבה וואלט
מיך מאכען אומעדיג? איך וויים אנטאניא
איז אומעדיג צוליעב זיין סחורה.

אנטאניא. גלויבט מיר, ניין.
מיין גאנצע סחורה האב איך דאנקען גאט
ניט אנגעטרויט א שיף, אויך ניט איין ארט.
מיין גאנץ פערמעגען האב איך הייי־יאהר אויך
ניט איינגעשטעלט אין קאן; איך קען דערפאר
צוליעב מיין וואארע אומעדיג ניט זיין.

סאלאניא. טא מהט איהר זיין פערליעבט.

אנטאניא. פע, פע!

סאלארינא. פערליעבט אויך ניט? טא מוז איך זאגען איהר

זײט פרײערינג ווײל איהר זײט נים פרעהליך, און
עס וואלט אײך זײן גראד אזוי גרינג צו לאכען,
צו געהן א טענצעל און זאגען איהר
זײט פרעהליך ווײל איהר זײט נים אומעדיג.
בנאמנות, מאדנע ברואים האט דיא נאטור
בעשאפען: אײנער ושמורקעט מים דיא אויגען
און קוועלט פאר שמחה וויא א פאפאגײ
ווען ער דערהערט א דודע שפיעלענדיג;
א צווײטער האט א זויערעס געזיכט
און וואלט דיא צײהן נים ווײזען שמײכלענדיג
כאטש נאט אלײן וואלט שווערען, דאס עס איז
כדאי צו לאכען פון דעם וויץ.

(באססאניא, לארענצא, און גראציאנא טרעטען אויף.)

סאלאניא. אט קומט באססאניא. אײער עדלער פעטער,
גראציאנא און לארענצא. זײט געזונד.
איך לאז אײך יעצט אין בעסערער געזעלשאפט.

סאלארינא. איך וואלט מיט אײך פערברײנגען ביז איך וואלט
אײך אויפגעמונטערט ווען פיעל ווירדיגערע
פרײנד וואלטען מיר נים שטערען.

אנטאניא. גלויבט מיר, איך רעספעקטיר אײך זעהר שטארק;
וואהרשײנליך דארפט איהר געהן צוליעב געשעפט
און ניצט אויס דיא געלעגענהײט צו געהן.

סאלארינא. א גוטען טאג אײך, מײנע ווערטהע הערען

באססאניא. זאגט, טהײערע סיניארס, ווען וועלען מיר
א ביסעל לאכען? זאגט מיר ווען? — איהר ווערט
מיר עפעס מאדנע — מוז עס זײן אזוי?

סאלארינא. איך האף מיר וועלען זיך נאך טרעפען אין א פרײערע צײט.

(סאלארינא און סאלאניא אב.)

לארענצא. מײן הערר באססאניא׳ זוי וויא איהר האט זיך
בעגעגענט מיט אנטאניא׳ן וועלען מיר
אײך בײדע אויך פערלאזען, נאר פערגעסט
נים וואו מיר טרעפען זיך הײנט מיטטאג צײט.



באססאניא. איך וועל שוין נים פערגעסען.

גראציאנא. איהר זעהט אויס שלעכט, סיניאר אנטאניא.
איהר דענקט אביסעל צופיעל פון דער וועלט.
דיא יעניגע, וואס קויפען זיא מיט פיעל
זארג האבען פון איהר קײן הנאה נים.
גלויבט מיר, איהר האט זיך וואונדערליך פערענדערט.

אנטאניא. איך האלט דיא וועלט פיר וואס זיא איז, גראציאנא —
א ביהנע אין דיא וועלט, וואו יעדער מוז
א ראלע שפיעלען. און מײן ראלע איז
א טרויערינע.

גראציאנא. איך וויל דיא ראלע פון דעם קאמיקער.
איך וויל מיך עלטערן אין לוסט און פרײד,
און ליעבער זאל מײן לעבער זײן דערהיצט
פון ווײן אײדער מײן הערץ זאל זײן פערקלעמט
פון שווערע קרעכצען. און פאר־וואס דען זאל
א מענש מיט הײסע בלוטען זיצען וויא
אן אויסגעשניצטער געץ פון שטײן? ווארום
פערשלאפען זײן, און קריגען פון קאפריז
דיא געלזוכט? — הער זיך צו אנטאניא
איך ליעב דיך, און מײן ליעבע רעדט עס יעצט, —
עס זײנען דא אזעלכע מענשען וועמע ׳ס
געזיכטער זײנען איבערגעצויגען מיט
א פליעווקע — וויא א שטעהענדיגעס טײכעל —
אפזיכטליך שטילע לײט, וואס שווײגען שטיל
בכדי דיא וועלט זאל מײנען, דאס זײ זײנען
שארף־זיניג, קלוג און ערנסט. וויא זאגט מען דאס!
„איך בין אן אורים ותומים, אלעס וואס
איך זאג איז הײליג." — א, אנטאניא׳ ׳ך ווײס,
מען האלט זײ נאר דערפאר פיר קלוגע, ווײל
זײ שווײגען שטיל, ׳ך בין אבער זיכער, ווען
זײ וואלטען רעדען, וואלטען זײ בײנאה
פערדאמט דיא אויערן פון דעם, וואס וואלט

זיך צונעהערט צו זיי, דען מיט דער הילף
פון זיינע אויערן וואלט ער זאגען, דאס
זיי זיינען נארען. ׳ך וועל אן אנדערס מאל
נאך רעדען וועגען דעם. וויל אבער ניט
מיט דיעזען טרויריגען ווערימעל
כאפען דיא דומע פיש — ׳ך מיין דיזע מיינונג.
גוטער לארענצא, קום; דערווייל, אדיע.
איך וועל מיין דרשה ענדיגען נאך מיטטאג.

לארענצא. אלזא, מיר וועלען אייך ביז מיטאג-צייט
פערלאזען; ׳ך מוז זיין איינער פון דיא זעלבע
שטום-קלוגע מענשען, דען גראציאנא לאזט
מיך גאר ניט רעדען.

גראציאנא. נו, זיי מיין חבר, נאך צוויי יאהר ועסטו
דיין איינ׳נע שטימע ניט דערקענען מעהר.

אנטאניא. אדיע, ׳ך וועל ווערן א פלאפלער צוליעב דעם.

גראציאנא. א דאנק, בנאמנות; דען שווייגען פאסט נאר פיר גערויכערטע צונגען און פיר פערזעסענע מיידלאך.

(גראציאנא און לארענצא אב.)

אנטאניא. האט דאס אויך א בעדייטונג?

באססאניא. אין גאנצען ווענעדיג איז ניטא גראציאנא׳ס גלייכען; דער קווינט פון זיין דענקען איז וויא צוויי קערנדלאך תבואה בעהאלטען אין צוויי מעסטלאך מעקענע, מען מוז זיי זוכען דעם גאנצען טאג, און ווען מען געפינט זיי זעהט מען זיך הערום, דאס עס האט ניט געלוינט דיא מיה פונ׳ם זוכען.

אנטאניא. אלזא, יעצט זאגט מיר ווער איז דאס דיא דאמע,
צו וועלכער איהר האט זיך פערפליכטעט געהן אין
געהיים; איהר האט עס מיר פערשפראכען היינט.

באססאניא. ׳ס איז אייך ניט אונבעקאנט, אנטאניא, וויא זעהר
איך האב געשעדיגט מיינע גיטער, וויל
איך האב געלעבט א ביסעל פרעכטיגער
וויא מיינע שוואכע מיטלען האבען מיר
ערלויבט. ׳ך בעקלאג מיך ניט וואס איך קען יעצט



ניט לעבען אויף דער זעלבער גבירישער
מדרגה, נאר מיין גרעסטע זארג איז וויא
זיך אויסצודרעהען עהרליך פון דיא גרויסע חובות,
אין וועלכע זיין פערשווענדונגס-צייט האט מיך
געלאזען שטעקען. אייך, אנטאניא, בין
איך שולדיג מעהר וויא אלעמען — אי געלד,
אי ליעבע; און פון אייער ליעבע האב
איך דיא פערזיכערונג, דאס איך מעג אייך יעצט
פערטרויען אלע מיינע פלענער, וואס
איך האב, וויא לויז צו ווערען פון דיא חובות.

אנטאניא. איך בעט אייך, פריינד באססאניא, לא׳מיך וויסען.
און אויב דיא זאך איז עהרענווירדיג, וויא
איהר זייט אליין, קענט איהר זיין זיכער, דאס
מיין בייטעל, איך אליין און וויא פיעל איך
פערמאג שטעהען אייך צו דיענסטען.

באססאניא. אלס ייִנגעל אין דער שולע, ווען איך האב
פערפעהלט צו טרעפען מיט א פייל אין ציעל,
האב איך הערויסגעשאסען נאך א פייל
פונ׳ם זעלבען גאנג און אין דער זעלבער זייט.
׳ך האב בעסער אויפגעפאסט אום יענע צו
געפינען; און, ריזיקירענדיג זיי ביידע,
פלעג איך געפינען ביידע פייִלען אפט.
איך גיב אייך דיזעס קינדער-ביישפיעל, וויל
וואס איך וויל זאגען איז דיא ריינע אונשולד.
אייך קומט פון מיר א סך, און דאס וואס איך
בין שולדיג האב איך אויסגעבראכט וויא א
צוגאז׳נער ייִנגעל; אבער אויב איהר ווילט
נאך שיעסען נאך א פייל אהינצו, וואו
איהר האט דיא ערסטע פייל געשאסען, בין
איך זיכער דאס, גוט אכטונג געבענדיג,
וועל איך געפינען ביידע. טאמער ניט,

בריינג איך דיא ערסטע פייל צוריק, און פיר
דיא צווייטע בלייב איך דאנקבאר א בעל־חוב.

אנטאניא. איהר קענט מיך, דאכט זיך, גוט און ברייננט אויס צייט
מיט זייטיגע רייד; און נאר אהן ספק טהוט
איהר מיר מעהר עולה צווייפלענדיג אין דעם
אויב איך וועל טהאן פיר אייך אלץ וואס איך קען,
וויא איהר וואלט אויסגעבראכט מיין גאנץ פערמעגען.
זאגט מיר, אלזא וואס רעכענט איהר קען איך
יעצט טהאן, און 'ך וועל זיין גרייט דערצו — נו, רעדט!

באססאניא. אין בעלמאנט וואוינט א רייכע יורש'טע;
און זיא איז שעהן, און — שעהנער נאך — זיא האט
נאר גרויסע מעלות. 'ך האב פון איהרע אויגען
אמאל ערהאלטען שעהנע, שטומע בשורות.
מען רופט זיא פארציא; און יעדער הינזיכט דארף
זיא זיך ניט שעמען נעגען קאטא'ס טאכטער,
און נעגען ברוטוס' פארציא: און זיא האט
א גרויסען נאמען אין דער ברייטער וועלט.
פון ארבע פנות עולם טראגען זיך
צו איהר בעריהמטע יונגע חתנים; און
איהר האאר פון גאלד'נע לאקען הענגט העראב
אויף איהרע שלייפען וויא א גאלד'נע וואל.
איהר וואוינ־ארט בעלמאנט איז וויא קאלכי'ס שטראנד
און פיעלע יאזאנס קומען זוכען זיא. *)
אה, מיין אנטאניא, וואלט איך נאר געהאט
דיא מיטעל צו פערמעסטען זיך אין גלאנץ
און פאסס מיט איינעם פון דיא יונגע לייט —
זאגט מיר דיא הארץ אזוי צום גוטען, דאס
איך וואלט אהן צווייפעל מזל'דיג געווען.

אנטאניא. דוא ווייסט, דאס אלץ וואס איך פערמאג איז יעצט
אויפ'ן ים: 'ך האב ניט קיין סחורה, ניט קיין געלד,
צו שאפען יעצט דיא סומע. געה און זעה

*) יאזאן איז א מיטהאלאגישע פערזאן. ער איז געווען דער ליעב־האבער פון מעדעא.



וואס איין קרעדיט קען אויפטהאן אין ווענעדיג.
איך וועל מיך דאן אנשטרענגען ביז דאס לעצט
אום דוא זאלסט קענען געהען קיין בעלמאנט צו
דער שעהנער פארציא'ן. — געה ערקונדיג זיך,
וואו 'ס איז דא געלד — איך וועל עס אויך טהאן. איך
בין זיכער, דאס איך קריג עס נאך געבארגט.
מען וועט עס מיר נאך טהאן.

(ביידע אב.)

## צווייטע סצענע.

### בעלמאנט, א צימער אין פארציא'ס הויז.

(פארציא און נעריססא, טרעטען אויף.)

פארציא. אויף עהרענווארט, נעריססא, מיין קליינטשינקער איך איז שוין מיד פון דיעזער וועלט.

נעריססא. איהר וואלט עס קענען זאגען, גוטעס פרייליין, ווען אייער שלים־מזל וואלט זיין גרעסער וויא אייער מזל. און דאך, וויא ווייט איך ווייס, זיינען די יעניגע וואס פרעסען זיך איבער, אזוי קראנק וויא דיא, וואס געהען אויס פון הונגער. עס איז דעריבער קיין קליינינקייט ניט צו בעלאנגען צום מיטעל־שטאנד; דער וואס לעבט אין איבערפלוס ווערט באלד גרוי, אבער דער וואס האט נאר זיין אויסקומענעס לעבט לענגער.

פארציא. דאס זיינען גוטע ווערטער, גוט געזאגט.

נעריססא. גוט געפאלגט, וואלט זיין נאך בעסער.

פארציא. אויב עס וואלט זיך געטהאן אזוי גרינג וויא עס רעדט זיך, דאן וואלטען פון קליינע קלויסטערס ווערען גרויסע קירכען, און פון דיא שטיבלאך פון דיא אריטעדלייט קעניגליכע פאלאצען. דער גלח, וועלכער טהוט אליין דאס וואס ער הייסט טהאן אנדערע, איז א גוטער גלח. עס איז מיר גרינגער צו לערנען צוואנציג מענשען וואס עס איז גוט צו טהאן, איידער צו זיין איינע פון די צוואנציג, און פאלגען מיינע אייגענע לעהרען. דער מוח מעג אויסטראכטען געזעצע פיר דאס בלוט, אבער א היציגער קאפ שפרינגט העריבער איבער א קאלטעם געזעץ. אזא האז איז דאס דיא משוגעת דיא יוגענד, זיא שפרינגט העריבער איבער דעם נעץ

פון דער קריפעל דיא גוטע עצה. אבער מיין חכמ'ען זיך ווסט מיר ניט העלפען אויסקלייבען זיך א חתן. „אויסקלייבען זיך א חתן!“ ווינד איז מיר, ניט איך קען אויסקלייבען דעם וואס איך וויל, ניט איך קען ענטזאגען דעם וואס איך וויל ניט. אזוי איז דער ווילען פון א לעבענדער טאכטער געבונדען דורך דעם ווילען פון א טוידטען פאטער. זאג, נעריססא, איז עס ניט א וועהטאג וואס איך קען קיינעם ניט אויסקלייבען און קיינעם ניט ענטזאגען?

נעריססא. אייער פאטער איז געוועזען א גאטס-פארכטיגער מאן, און פרוממע מענשען פאר'ן טוידט, זאגט מען, האבען גוטע בעגייסטערונגען; דארום וועט דיא לאטעריי, וועלכע ער האט אויסגעקלערט אין דיא דריי קעסטלאך, — דיא גאלדענע, דיא זילבערנע און דיא בלייענע, — זיין מזל'דיג, און זיכערליך וועט דער יעניגער, וואס וועט אייך אמת ליעבען, אויסקלייבען דאס ריכטיגע קעסטעלע, דורך וועלכעס ער וועט אייך קריגען פיר א פרוי. אבער וויא געפעהלען אייך דיא פירסטליכע יונגע לייט, וואס דינען געקומען זיך שדכנ'ען צו אייך?

פארציא. איך בעט דיך, זאג מיר איבער זייערע נעמען, און וויא דוא וועסט זיי אנרופען וועל איך זיי אבשילדערן, און לויט מיין שילדערונג וועסטו פערשטעהן וויא איך ליעב זיי.

נעריססא. דער ערסטער איז דער נעאפאליטאנער פרינץ.

פארציא. דאס איז אן אמת'ער זרעבטשיק, דען ער האלט נאר אין איין רעדען פון זיין פערד, און ער האלט זיך גרויס מיט דעם וואס ער קען איהם אליין בעשמיעדען. איך האב מורא, דאס זיין עהרענ-ווירדיגע מוטער האט אביסעל אונטערגעשטיפט מיט א שמיעד.

נעריססא. דער צווייטער איז דער גראף פון בעצירק.

פארציא. ער איז כסדר אנגעבלאזען; פונקט וויא ער וואלט געזאגט: „אויב איך געפעל אייך ניט, האט איהר אייך א ברירה.“ ער הערט פריילינע געשיכטען און שמייכעלט ניט. זייענדיג אזוי מרה-שחורה אין דער יוגענד, האב איך מורא, דאס אויף דער עלטער וועט ער ווערען א וויינענדיגער פילאזאף. איך וועל ליעבער חתונה האבען מיט א מת וויא מיט איינעם פון זיי. זאל מיך גאט משמר ומציל זיין פוןביידען.

נעריססא. און וויא געפעלט אייך דער פראנצויזישער הערר, מאנסיער לע-באן?

פארציא. אזוי וויא דיא נאטור האט איהם שוין בעשאפען זאל ער אויך הייסען מענש, ערנסט גערעדט, איך ווייס עס איז א זינד צו זיין א לץ, אבער ער! א



קליינינקייט! ער האט א פערד, וואס איז נאך בעסער וויא דעם נעא-פאליטאנערס א בעסערע שלעכטע מידה פון אנבלאזען זיך וויא דער גראף פון בעצירק; ער איז אלע און קיינער ניט. זינגט א פויגעל חייבט ער אן שפרינגען פאר שמחה; ער וועט זיך נאך פערמעסטען מיט זיין איינענעם שאטען. ווען איך זאל חתונה האבען מיט איהם וועט עס הייסען איך האב חתונה מיט צוואנציג מענער. וואלט ער מיך פער-אכטעט דאן וואלט איך איהם מוחל זיין; אבער ווען ער וואלט מיך אפילו געליבט ביז צום וואהנזין וואלט איך איהם אויך ניט בעלוינט מיט זיין געגענליעבע.

נעריססא. וואס דענקט איהר וועגען דעם יונגען ענגלישען באראן פאל-קענברידזש?

פארציא. דוא ווייסט, דאס וועגען איהם דענק איך נאר ניט, דען ער פער-שטעהט מיך ניט און איך פערשטעה איהם ניט. ער פערשטעהט ניט קיין לאטיי-ניש, ניט קיין פראנצויזיש, און ניט קיין איטאליעניש; און דוא קענסט פיר מיך עדות זאגען, דאס מיין גאנצע קענטנים אין דער ענגלישער שפראך איז ניט ווערטה א העלער. ער האט דיא תמונה פון אן אמת'ן מענשען, אבער ליידער! — ווער קען זיך אונטערהאלטען מיט א שטומער פיגורע? — הײנט מאדנע וויא ער געהט גע-קליידעט! מיר דאכט, דאס ער האט געקויפט זיין רעקעל אין איטאליען, זיינע זא-קען אין פראנקרייך, זיין היטעלע אין דייטשלאנד, און זיין סטאטעק אין אלע מקומות.

נעריססא. און וויא געפעהלט אייך דער שאטלענדישער לארד, זיין נאכבאר?

פארציא. ער האט דיא גוטהערציגקייט פון א שכן; דען ער האט געליעהען ביי דעם ענגלענדער א זעץ אין אויער און האט געשווארען איהם אבצוצאהלען ווען ער וועט קענען; איך גלויב, דאס דער פראנצויז האט פיר איהם ערב געוועזען, און האט זיך אונטערגעשריעבען אויף א צווייטען זעץ.

נעריססא. און וואס זאגט איהר צו דעם יונגען דייטש, דעם זאקסישען הער-צאג'ס פליעמעניק?

פארציא. ער איז זעהר אבשייליך אין דער פריה, ווען ער איז ניכטער; און העכסט אבשייליך נאך מיטטאג, ווען ער איז אם בעסטען איז ער א ביסעל ערגער פון א מענשען; ווען ער איז אם בעסטען איז ער עפעס, עפעס בעסער וויא א חיה. מעג זיין וואס עס וויל, איך האף, דאס איך וועל פון איהם פטור ווערען.

נעריססא. און וויא וואלט געוועזען ווען ער וואלט זיך אנגעשלאגען צו קלייבען און וואלט אויסגעקליעבען דאס ריכטיגע קעסטעלע, דאן וואלט איהר דאך ניט ער-פילט דעם ווילען פון אייער פאטער ווען איהר וואלט איהם ענטזאגט.

פארציא. און אום אזא גרויסעס אונגליק צו פערהיטען, בעט איך דיך, נעריססא, שטעל אניערער א גרויסעס גלאז רהיין וויין אויף דעם פאלשען קעסטעל; דען ווען דער טייוועל אליין זאל זיין אינוועניג און אזא יצר־הרע פון דרויסען, בין איך זיכער, דאס ער וואלט עס אויסגעקליעבען. איך וועל טהאן אלעס, נעריססא, איידער חתונה האבען מיט א שכור.

נעריססא. איהר האט זיך נים וואס צו שרעקען; קיינער פון דיא געסט וועט אייך נים אנקומען. זיי האבען מיר געזאגט, דאס זיי האבען זיך בעשלאסען צוריק צופאהרען אהיים און אייך נים מעהר צו בעלעסטיגען מיט זייער שרכנ׳ען זיך צו אייך, סיידען מען קען אייך געווינען הורך עטוואס אנדערס וויא דורך דאס אויסקלייבען פון דעם קעסטעלע, וועלכעס אייער פאטער האט פארגעשריעבען.

פארציא. ווען איך זאל אפילו אזוי אלט ווערען וויא סיביללא, וועל איך דאך שטארבען אזוי ריין וויא דיאנא; סיידען מען וועט מיך נעהמען אויף דער ארט וויא מיין פאטער׳ס צוואה זאגט, מיך פרייט וואס דיזעס פעקעל חתנים האט נאך אזוי פיעל שכל; דען עס איז ניטא איינער צווישען זיי, וועלכען איך האב נים האלט פון ווייטען, הלואי זאלען זיי זיך געהן געזונדערהייד!

נעריססא. געדענקט איהר נאך, פריילין, נאך פאר אייער פאטער׳ס לעבען, איינעם פון ווענעדיג, א יונגען געלעהרטען און קאוואליער, וועלכער איז אהער געקומען צוזאמען מיט דעם מארקיז פאן מאנטפערראט?

פארציא. יע, יע, דאס איז געוועזן באססאניא; איך גלויב אזוי האט מען איהם גערופען.

נעריססא. גאנץ ריכטיג פריילין; מעהר פון אלע מענער, אויף וועלכע מיינע נארישע בליקען האבען ווען עס איז געקוקט, פערדיענט ער צו הייראטהען א שעהנע פרוי.

פארציא. איך געדענק איהם זעהר גוט; און געדענק אויך, דאס ער פערדיענט דיין לויב.

(א בעדיענטער טרעט אויף.)

וואס ווילסטו זאגען?

בעדיענטער. דיא פיר פרעמדע זוכען אייך, גנעדיגעס פריילין; זיי ווילען פון אייך נעהמען אבשיעד; אויך איז געקומען א שליח פון א פינפטען, — פונ׳ם פרינץ פון מאראקקא, — אנזאגען, דאס זיין הערר, דער פרינץ, וועט דא זיין היינט ביינאכט.

פארציא. ווען איך וואלט דעם פינפטען קענען זאגען „ווילקאמען״ מיט אזא



גוט הארץ וויא איך וועל זאגען די איבעריגע פיער „פאהרט געזונד״, דאן וואלט איך מיך געפרייט מיט זיין קומען. אויב ער האט דעם גייסט פון א הייליגען און דיא צורה פון א טייוועל, וואלט איך ליעבער וועלען ער זאל ריינוואשען פון זינד מיין לייב איידער מיך צו נעהמען פיר א ווייב. נעריססא, קום! —

דוא יונגער מאנטשיק, געה פאראוים.

איך האב קוים צייט איין חתן צו בעגלייטען,

הער איך אין טהיר דאס קלאפען פון א צווייטען.

(אלע אב.)

~~~~~~~~~~~~~~

# דריטע סצענע.

———

ווענעדיג, אן עפענטליכער פלאץ.

(באססאניא און שאילאק טרעטען אויף.)

שאילאק. דריי טויזענד דוקאטען, רעכט.

באססאניא. אויף דריי מאנאטען.

שאילאק. אויף דריי מאנאטען, רעכט.

באססאניא. פיר וועלכע, וויא איך האב געזאגט, אנטאניא וועט גוט זאגען.

שאילאק. אנטאניא וועט ערב זיין, רעכט.

באססאניא. קענט איהר מיר אויסהעלפען? וועט איהר מיר טהאן דעם געפאלען? קען איך וויסען אייער ענטפער!

שאילאק. דריי טויזענד קאטען, אויף דריי חדשים, און אנטאניא וועט ערב זיין: רעכט.

באססאניא. איך וויל א תשובה.

שאילאק. אנטאניא איז א גוטער מענש.

באססאניא. האט איהר געהערט עפעס שלעכטעס וועגען איהם?

שאילאק. ניין, ניין, ניין ניין; ווען איך זאג, דאס ער איז א גוטער מענש, מיין איך, פערשטעהט איהר מיך, דאס ער איז גוט געלד. אבער וועגען זיין פערמעגען קען מען יעצט דענקען אי אזוי, אי אזוי: איין שיף זיינע געהט אצונד קיין טריפאליס, א צווייטעס קיין אינדיען. איך האב אויך געהערט אויף דער ריאלטא, דאס א דריטעס שיף זיינס איז אין מעקסיקא, א פערטעס אין ענגלאנד — און אזוי האט
~~~~~~~~~~~~~~

ער נאָך עטליכע שיפען צושפּרייט אויפ'ן ים. אבער שיפען זיינען נאָר ברעטער, מאטראזען זיינען נאָר מענשען; עס זיינען דאָ לאנד-מייז און וואסער מייז; לאנד-ג:בים און וואסער-גנבים — איך מיין זעע-רויבער; א חוץ דעם איז דיא געפאהר פון וואסער, ווינד און פעלזען. פון דעסטוועגען איז ער א בטוח; דריי טויזענד דוקאטען, איך גלויב איך קען זיין וועקסעל אננעהמען.

באססאניא. איהר מעגט זיין זיכער, דאס איהר קענט.

שאילאק. איך וויל זיין זיכער דאס איך מעג און צו קענען זיין זיכער וועל איך מיר איבערלייגען קען איך רעדען מיט אנטאניאָ.

באססאניא. אויב איהר ווילט מיט אונז עסען מיטטאג.

שאילאָק. וויא? שמעקען חזיר און עסען אין דעם הויז, אין וועלכען אייער נביא, דער משיח, האט העריינגעשיקט דעם טייוועל? — 'ך וועל האנדלען מיט אייך און וואנדלען מיט אייך, 'ך וועל ריידען מיט אייך און געהן מיט אייך, און אזוי בסדר; אבער איך וועל ניט עסען מיט אייך, ניט טרינקען מיט אייך און ניט דאווענען מיט אייך. — וואס הערט זיך אויף דער ריאלטאָ? — ווער קומט דאס דאָ? —

(אנטאָניאָ טרעט אויף.)

באססאניאַ. דאָס איז סיניאָר אנטאָניאָ.

שאילאָק. (אין א זייט) פונקט וויא א חונף א ספּארשטשיק זעהט ער אויס! איך האס איהם, ווייל ער איז א קריסט;
און מעהרער נאָך פאר וואָס, ניט וויסענדיג
פון קיין המצאות, ניט ער געלד גאָר אהן פּראָצענט
און שלאָגט אונז אונטער דאס פּראָצענט-געשעפט
דאָ אין ווענעדיג. אויב איך וועל איהם ווען
דערטאַפּען, וועל איך שוין גוט זעטיגען
מיין אלטען האס צו איהם. ער האסט מיין פאלק.
און דאָרט, וואו אלע קויפלייט קומען זיך
צונויף, לאכט ער פון מיר, מיין האנדעל און
מיין כשר'ען פערמעגען, וואס ער רופט
פּראָצענט — פערפלוכט זאל זיין מיין פאלק, אויב 'ך וועל
איהם מוחל זיין! —

באססאניא. שאילאָק, איהר הערט?

שאילאָק. איך רעכען איבער יעצט מיין באארעס געלד
און אונגעפעהר לויט מיין זכרון קען
איך אייך דיא גאנצע סומע פון דריי טויזענד
דוקאטען גלייך ניט שאפען, אבער 'ס מאכט



ניט אוים; תובל, א רייכער ייד, וועט מיר
שוין שאפען. — נאָר רוהיג! — אויף וויא פיעל מאנאטען
ווילט איהר דאס געלד? בלייבט רוהיג.

(צו אנטאָניאָ)

איך האב פון אייער גנעדינקייט נאָר וואס
גערעדט.

אנטאָניאָ. שאילאק, אבוואהל איך גיב ניט, און איך נעהם
קיין געלד ניט אויף פראצענט, דאך וועל איך,
אום א פריינד צו העלפען אין א גרויסער נויטה,
דאס מאל א מנהג ברעכען, וויים ער פיעל
איהר ווילט?

שאילאָק. יע, יע, דריי טויזענד דוקאטען.

אנטאָניאָ. אויף דריי מאנאטען

שאילאָק. אויף דריי מאנאטען האט איהר מיר געזאגט
,ך האב גאר פערגעסען. — אלזאָ, אייער וועקסעל!
און לא'מיך זעהן — נאר הערט זיך צו; מיר דאכט
איהר האט געזאגט איהר גיט ניט און איהר נעהמט
קיין געלד ניט אויף פראצענט?

אנטאָניאָ. איך טהו דאס קיין מאל ניט

שאילאָק. ווען יעקב האט געפיטערט לבן'ס שאָף, —
יעקב, אברהם אבינו'ס אייניקעל,
וואס איז געוועזן זיין דריטער יורש. ווייל
זיין קלוגע מוטער האט זיך דארט פיר איהם
העריינגעמישט — יע, יע, דער דריטער —

אנטאָניאָ. אלזאָ, פלעגט ער אויך נעהמען וואוכער?

שאילאָק. ניין,
דאס גראָדע ניט; דאס הייסט, ניט קיין פראצענט
וואס איהר רופט אָן פראצענט הערט זיך נאָר צו
,ואס יעקב האט געטהאן. ווען לבן איז
מיט איהם צורעכט געקומען, דאס דיא שאָף,
וואס וועלען זיין געפינטעלט און געפלעקט
זאל יעקב'ן געהערען, האט דער קלוגער באסטוך,

זיך אבגעשיילט אזעלכע שטעקעלאך,
און, ווען די רייפע שעפסען האבען זיך
געפּאָרט מיט די באַראַנעס ענדע הערבסט
און זיינען דאן געוואָרען טראָגעדיגע,
האט ער די שטעקעלאך הערייננעשטעקט
דאָרט, וואו דאס טראגעדיגע שאָף פלעגט זיך
און, אין דער צייט פון האבען זיינען אל
די לעמעלאך געווען געפינטעלט און
געפלעקט און האָבען יעקב'ן געהערט
דאס איז געווען אן איינפאל ווי צו ווערן
געהויבען, און ער איז געווען געבענטשט.
פערמעגען איז א ברכה ווען מען לעבט
עס נאָר ניט אָן פון גנבה.

אנטאָניאָ. 'ס איז געווען
א גליק, פיר וועלכעס יעקב האט געדיענט.
עס האט זיך ניט געווענדעט אָן איהם אליין,
אזוי האט גאָט געוואָלט און 'ס איז געשעהען.
ווילט איהר דערמיט רעכטפערטיגען פראָצענט?
און איז דען אייער גאָלד און זילבער גלייך
צו שעפסען און באַראַנעס?

שײלאָק. 'ך ווייס עס ניט;
איך לאָז זיי אבער מעהרען זיך 'זוי גיך
ווי יעקב'ס שאָף. — נאָר מערק דיר, סיניאָר —

אנטאָניאָ. הער נאָר, באַססאַניאָ, ווי דער טייוועל קען
ברייננען א פסוק ווען איהם פאסט צום ענין.
א בייז געמיטה, וואס ניט אויף הייליגע
בעווייזע, איז געגליכען צו א שורקע,
וואס האט א זיסע צורקע, אָדער צו
א שעהנעם עפעל מיט א פוילע הארץ.
ווי שעהן די פאלשקייט זעהט פון דרויסען אויס!

שײלאָק. דריי טויזענד דוקאטען, 'ס איז א היבשע סומע;
אויף דריי מאָנאטען — דריי פון צוועלף — לאָ'מיך



נאָר זעהן ווי פיעל דאס ברייננט.

אנטאָניאָ. נו, שאילאק, וועלען מיר דיר דארפען דאנקען?

שײלאָק. סיניאר אנטאניא.
גאנץ אפט האט איהר אויף דער ריאלטא מיך
פערשפאט צוליעב מיין געלד און מיין פראצענט —
'ך פלעג אלץ א קוועטש טהאן מיט די פלייצעס און
פערשווייגען, דען דולדען איז דער שטעמפעל פון
מיין פאָלק. אונגלויביגער, האלז-שניידער, הונד
רופט איהר מיך אן, איהר שפייט אויף מיין יידישע
קאפאטע, און דערפאר אלץ וויל איך ניצ
מיין איינען געלד; גאנץ רעכט! יעצט ווייזט עס זיך
הערויס, דאס איהר בענעטהיגט זיך אין מיר
אזוי, אזוי! — איהר קומט צו מיר און זאגט:
„שאילאק, מיר דארפען געלד!" איהר זאגט עס מיר, איהר,
וואס איהר האט מיר געשפיגען אין דער באָרד
און מיך פון אייער שוועל פערשטויסען ווי
מען שטויסט אוועק א הונגעריגען הונד.
געלד ווילט זיך אייך; וואס זאל איך איצטער זאגען?
זאל איך ניט זאגען: האט א הונד געלד?
איז'ס מעגליך, דאס א הונד זאל לייה'ן דריי טויזענד
דוקאטען?" אדער זאל איך אפשר זיך
צו אייך יעצט בוקען מיט הכנעה, און
מיט א פערשטיקטען אטהעם, ווי א קנעכט,
שעפטשען צו אייך מיט אונטערטהעניגקייט:
„מיין ווערטהער הערר, פערגאנגענעם מיטוואָך האט
איהר מיך בעשפיגען, יענעם טאג האט איהר
אויף מיר געטראטען מיט די פיס, ניט לאנג
האט איהר מיך הונד גערופען, און דערפאר
וואס איהר האט מיר געציינט אזא מין עהרע,
וועל איך אייך לייהען וויפיעל נאר איהר דארפט?"

אנטאָניאָ. איך וואָלט דיך קענען ווידער רופען הונד,
בעשפייען דיך און טרעטען מיט די פיס.

ווילסטו אונז לייהען דיזע סומע געלד,
טא לייה עס ניט וויא דיינע פריינד; דען ווען
האט פריינדשאפט פון א פריינד פערלאנגט פראצענט
פיר אונפרוכטבארעס נאכד? ניין, ליעבער לייה
דאס געלד וויא דיינע פיינד, דען ווען עס קומט
אן דער טערמין און מיר בעצאהלען ניט,
ווערסטו מיט מעהר עזות קענען אונז
פערקלאגען.

שאילאק. זעהט וויא איהר זייט געווארען אויפגערעגט:
איך וויל אייך טהאן א טובה וויא א פריינד,
איך וויל דיא שאנד פערגעסען, וואס איהר האט
מיר אנגעטהאן און שאפען אייך דאס געלד
נאר אהן א העלער וואוכער, און איהר ווילט
מיך נאר ניט הערען. וואלט איך דאן צו אייך
ניט פריינדליך זיין?

אנטאניא. ווירקליך איהר וואלט זיין פריינדליך.

שאילאק. און דיזע פריינדשאפט וועל איך אייך ווייזען, קומט
מיט מיר צו א נאטאריוס, חתמ'עט זיך
אויף אייער ועקסעל און, אויב איהר בעצאהלט
ניט פינקטליך צום בעשטימטען טאג, אויף דעם
בעשטימטען ארט, לויט וויא אין וועקסעל שטעהט,
פערשרייבט מיר אויף קאטאוועס, דאס איך מעג
אויסשניידען דאן א פונט פון אייער פלייש,
פון וועלכען טהייל פון קערפער מיר איז ליעב. —

אנטאניא. גוט, בנאמנות; 'ך וועל מיך אונטערשרייבען, און
נאך זאגען, דאס איהר זייט א גוטער מענש.

באססאניא. ניין, אויף אזא מין וועקסעל וויל איך ניט
איהר זאלט זיך פיר מיך אונטערשרייבען; 'ך וועל
שוין ליעבער בלייבען אין מיין נויטה.

אנטאניא. וואס האסטו מורא מענש? 'ך וועל ניט פערשפיעלען.
אין דיעזע צוויי מאנאטען, 'ס הייסט נאך מיט
א מאנאט פאר'ן טערמין, ערווארט איך נאך



צעהן מאל אזוי פיעל געלד וויא עס בעטרעפט
דער וועקסעל.

שאילאק. רבונא דעלמא כולא, וואס
דיא גוים זיינען! דיער אייגענע
האַרט־העַרציגקייט לערנט זיי פערדעכטיגען
דעם צווייטען. זאגט מיר נאַר, איך בעט אייך, וואס
וועל איך דען האבען ווען איך קלאַג אייך אן?
איהר ווייסט, דאס מענשען־פלייש איז ניט אזוי
פיעל ווערטה, און איז ניט אזוי ניצליך וויא
דאס פלייש פון קיה, פון אָקסען, אדער ציעגען.
איך וועל דערמיט געווינען אייער חן,
ווילט איהר, איז רעכט. אויב ניט — טאָ זייט געזונד;
און טהוט מיר ניט אונרעכט פיר מיין ליעבע.

אנטאניא. יע שיילאָק, 'ך וועל מיך אונטערשרייבען אויף דעם וועקסעל.

שאילאק. טאָ טרעפט מיך ביי'ם נאָטאריוס גלייך,
און שרייבט זיך אונטער אויף דעם שפאסיגען וועקסעל.
איך וועל געהן שוין איינפאקען דיא דוקאטען,
א קוק טאהן אויף מיין וואוינונג, וועלכע איך
האב אנגעטרויט א קנעכט, א כיטרען יונג,
און אין א רגע בין איך דאָ צוריק.

אנטאניא. געה נאַר געשווינד, מיין ליעבער ייד. (שאילאָק אב.) דער ייד
ווערט זיך נאך טויפען; ער ווערט פריינדליכער.

באססאניא. איך האב א שורקע אין זיין פריינדליכקייט.

אנטאניא. קום, קום; איך זעה נאר ניט קיין שלעכטס דערין.
מיין סחורה קומט א מאנאט פאר'ן טערמין.

(ביידע אב.)

ענ"ע פון ערסטען אקט.

---

# צווייטער אקט.

## ערסטע סצענע.

בעלמאנט. א [illegible] אין פארציא'ס הויז.

(עס טרעטען אויף דער פרינץ פון מאראקקא מיט זיינע בעגלייטער, פארציא, נעריססא, און אנדערע בעדיענטע.)

מאר. ניט האב מיך פיינד צוליעב מיין אנגעזיכט,—
דאס איז דער פינסטערדיגער אנצוג פון
דער אבגעגלאנצטער זון: איך וואוין און האב
מיך אויפגעהאדעוועט ניט ווייט פון איהר.
ברענג מיר דעם שעהנסטען מאן פון צפון זייט,
וואו קיים דיא פייערדיגע ליכטיגקייט
צושמעלצט דיא ליכטלאך אייז, און לאמיר זיך
איינשניידען צוליעב אייער ליעבע, צו
בעווייזען, וועמעס איז דאס רויטהסטע בלוט
מיינס אדער זיינס. איך זאג דיר, פריילין, מיין
געשטאלט האט אבגעשראקען העלדען שוין.
'ך שווער ביי מיין ליעבע, אויך דיא ערדלסטע
יונגפרויען פון מיין לאנד האבען עס געליעבט.
'ך וואלט ניט פערבייטען דיעזע פארב, אויסער
צו גנב'ענען דיא סודות פון דיין הערץ, מיין עדלע קעניגין.

פארציא. ווען 'סקומט צום קלייבען, פאלג איך ניט אליין
דיא פיינע עצה פון א מיידעל'ס אויג.
און, אויסערדעם, גיבט מיר דיא לאטעריע
פון מיין שיקזאל דאס רעכט ניט פרייוויליג
צו קלייבען. אבער ווען מיין פאטער וואלט
מיך ניט פאראיינגט, און איינגעדריקט דאדורך,
וואס איך מוז זיין דיא פרוי פון דעם, וואס וועט



מיך געהמען לויט דעם טיטעל, וועלכער איז
אייך שוין בעקאנט, וואלט איהר, געעהרטער פרינץ,
געוועזען פאר מיין ליעבע דאן 'זוי שעהן
וויא אירגענד ווער פון דיא געקומענע,
וואס איך האב ווען געזעהן.

מאר. זאגאר דערפאר בעדאנק איך אייך.
דרום פיהרט מיך, ביטע, צו דיא קעסטלאך,
צו זעהן, וויא מזל'דיג איך בין. איך שווער
ביי דיזען שווערד, וואס האט דעם סאפיער און
א פערזיער פרינץ געטוידט; וואס האט דריי מאל
דעם סולטאן סאלימאן בעזיעגט, איך וואלט
געקוקט נאך ווילדער, וויא דאס ווילדסטע אויג,
'ך וואלט וויא דער מוטהיגסטער זיין מוטהיגער,
דיא זייגעדיגע בערעלאך וואלט איך
אוועקגעריסען פון דער מוטער'ס ברוסט
יא, 'ך וואלט דעם לויב פערשפאטען, ווען ער ברומט,
דיך, פריילין, צו געווינען. אבער, אך!
ווען הערקולעס און ליקאס שפיעלען זיך
אין ביינדלאך ווארפען, אום צו זעהען ווער
עס איז א בעס'רער שפיעלער, קען דורך גליק
דיא שוואכ'רע האנד נאר טהאן א בעס'רען ווארף.
'זוי ווערט אלסידעס פון זיין פאזש בעזיעגט;
אזוי קען איך, געפיהרט פון בלינדען גליק,
אנווערען דאס, וואס איינער, וועלכער שטעהט
פיעל ניעדריגער פון מיר קען קריגען, און
פאר ווייהטאג שטארבען.

פארציא. איהר מוזט צופריעדען זיין אזוי וויא 'ס מאכט זיך,
און, אדער גאר ניט פרובע'ן קלייבען, אדער
צו שווערען פאר'ן קלייבען, דאס איהר וועט
שוין מעהר ניט רעדען וועגען הייראטה מיט
א פריילין, אויב איהר קלייבט ניט ריכטיג אויס. טא לאזט זיך ראטהען.

מאר. איך וועל עס מעהר נים טהאָן. קומט, פיהרט מיך צו מיין טול.

פארציע. צוערסט אין טעמפעל, און נאך מיטאג וועט איהר זעהען, וויא עס וועט אייך גליקען.

מאר. אלזאָ, אין א גוטער שעה,

געבענטשט, אָדער פערפלוכט צו ווערען דאָ.

(אלע אב.)

---

## צווייטע סצענע.

---

### א גאס אין ווענעדיג.

(לאַנצעלאָט גאָבבאָ, טרעט אויף.)

לאַנצעלאָט. געוויס, מיין געוויסען האָט מיר העלפען אנטלויפען פון דעם יידען מיין בעל הבית. דער שטן איז הינטער מיין פלייצע און רעדט מיר איין; זאגענדיג צו מיר; „גאָבבאָ, לאַנצעלאָט גאָבבאָ, גוטער לאַנצעלאט, אדער גוטער גאָבבאָ, נעהם דיא פיס אין דיא הענד, און נעהם און לויף אוועק.“ מיין געוויסען זאגט מיר: „ניין, זעה זיך הערום, עהרליכער לאַנצעלאָט; גיב אכטונג, עהרליכער גאָבבא, אדער,“ וויא איך האב פריהער געזאגט, „עהרליכער לאַנצעלאט נאבבא; לויף נים, פע, לויפען מיט דיא פיאטעס“ אלזא, דער מוטהינסטער שטן הייסט מיר זיך אבטראגען. „היידא!“ זאגט דער שטן; „אוועק!“ זאגט דער שטן, „אום גאטעס ווילען; קריג מעהר מוטה,“ זאגט דער שטן, „און לויף.“ אלזא, מיין געוויסען, האלטענדיג מיין הערץ ביי דער האלע, זאגט מיר וויא א חכם; „מיין עהרליכער פריינד לאַנצעלאט, אזוי וויא דוא האסט א טאטען אן עהרליכען מאן“ אדער, ליעבער, אן עהרליכע פרוי פאר א מאמע.“ דען, דעם אמת זאגענדיג, איז מיין טאטע געוועזן א ביסעל קלעפעדיג, האט



געהאט א שטיקעל פיי-געשמאק; — אלזא, מיין געוויסען זאגט: „לאנצעלאט, ווער נים שוואך.“ „ווער שוואך,“ זאגט דער שטן. „ווער נים שוואך,“ זאגט מיין געוויסען. געוויסען, זאג איך, דיין עצה איז א גוטע; שטן, זאג איך, דיין עצה איז א גוטע. זיך לאזען רעגיערען פון מיין געוויסען, הייסט עס פערבלייבען מיט דעם יידען מיין בעל הבית, וועלכער איז, (זאל מיר גאט מוחל זיין דיא רעד!) אן ארט טייוועל; און אוועגלויפען פונ׳ם יידען וועט עס הייסען זיך לאזען רעגיערען פון שטן, וועלכער איז (איך בעט אייך במחילה) דער טייוועל אליין. געוויס, דער ייד איז דער טייוועל אליין אין בלוט און פלייש; און, אויף מיין געוויסען, מיין געוויסען איז עפעס א שלעכטער געוויסען, וואס ער וויל מיר ראטהען צו פערבלייבען מיט דעם יידען. דער שטן גיבט מיר שוין א פריינדליכערע עצה; איך וועל לויפען, שטן; מיינע פיאטעס שטעהן דיר צום בעפעהל; איך וועל לויפען.

(דער אלטער גאָבבאָ טרעט אויף מיט א קערבעל.)

גאָבבאָ. מיין הערר, יונגער הערר, איהר, איך בעט אייך, וויא געהט מען דאָ צוא דעם הערען יידענ׳ס הויז?

לאַנצעלאָט. (אן א זייט) גאָט אין הימעל, דאס איז דאָך מיין אמת׳ער, לייבליכער טאטע! ער איז אפילו נים אין גאנצען בלינד, אָבער דאָך בלינד, און דערקענט מיר נים. איך וועל מיך מיט איהם אביסעל גלייכווערטלען.

גאָבבאָ. מיין הערר, יונגער הערר, איך בעט אייך, וויא געהט מען דאָ צום הערען יידענ׳ס הויז?

לאַנצעלאָט. ביים נעקסטען ווינקעל פערקרימט זיך רעכטס; אָבער ביי דעם סאמע נעקסטען ווינקעל פערקרימט זיך לינקס; פערשטעהט איהר מיך, נאָר ביי דעם ערסטען ווינקעל פערקרימט זיך נים רעכטס און נים לינקס,

נאר דרעהט זיך אוים נים — אחין — נים — אהער
פונקט צום יידענ׳ס הויז.

גאבבא. בנאמנות, דאס איז פאלג־מיר א גאנג. קענט איהר
מיר זאגען, אויב איינער לאנצעלאט, וועלכער האלט זיך
אויף ביים יידען, וואוינט נאך ביי איהם אדער נים ?

לאנצעלאט. רעדט איהר פון דעם יונגען הערען לאנצעלאט ? — (אין א זייט)
יעצט גיבט אכטונג, יעצט מאך איך א גערודער ;
(לויט) רעדט איהר פון דעם יונגען הערען לאנצעלאט ?

גאבבא. דאס איז קיין הערר ניט, מיין הערר, נאר אן ארימער יינגעל ;
זיין טאטע איז, כאטש איך זאג עס, אן עהרליכער,
זעהר גרויסער ארימאן ; און, דאנקען גאט, עס נעהט
איהם גאנץ גוט.

לאנצעלאט. אלזא, וואס ארט עס מיך, וואס זיין טאטע איז ;
מיר רעדען דא פון דעם יונגען הערען לאנצעלאט.

גאבבא. פון אייער גנעדינקייט׳ס פריינד, און פון לאנצעלאט,
מיין הערר.

לאנצעלאט. אבער איך בעט אייך, אלטער מאן, בכן, איך בעט
אייך, בכן : רעדט איהר וועגען דעם יונגען הערען
לאנצעלאט ?

גאבבא. פון לאנצעלאט, מיין הערר.

לאנצעלאט. מילא בכן, פון דעם יונגען הערען לאנצעלאט : רעדט
ניט מעהר פון דעם הערען לאנצעלאט, פאטער: דען דער
יונגער הערר איז (לויט דיא מזלות, און נאך אזעלכע
זאבאבאנעס, לויט דיא דריי שוועסטער, און נאך אזעלכע
תורות) נפטר געווארען, אדער, וויא איהר וואלט
געזאגט, געגאנגען אין זיין רוה.

גאבבא. גאט זאל משמר ומציל זיין ! דער בחור׳ל איז געוועזען
דער שטאב פון מיינע עלטערע יאהרען, מיין גאנצע
שטיצע.

לאנצעלאט. (אין א זייט) זעה איך דען אוים, וויא א שטעקען,
וויא א פלאקען, וויא א שטאב, אדער א
סלופ ? — דערקענסטו מיך, פאטער



גאבבא. ווינד איז מיר, איך קען אייך נים, יונגער הערר ;
אבער, איך בעט אייך, איז מיין בחור׳ל (עליו השלום !)
לעבעדיג אדער טוידט ?

לאנצעלאט. דערקענסטו מיך נים, פאטער ?

גאבבא. אך און וועה, מיין הערר, איך בין שטאק־בלינד ;
איך קען אייך נים.

לאנצעלאט. ניין, אין דער אמת׳ן, דען ווען איהר וואלט אפילו
געוועזען זעהעדיג, וואלט איהר מיך אויך געמעגט נים
דערקענען. דער פאטער, וועלכער קען זיין אייגען
קינד, איז א קלוגער פאטער. אלזא, אלטער מאן,
איך וועל אייך ערצעהלען נייעס פון אייער זוהן.
בענשט מיך ; דער אמת קומט הערויס ; א מארד קען
נים לאנג בעהאלטען זיין, אבער א מענשען־קינד
קען ; אבער דער אמת קומט הערויס צום סוף.

גאבבא. איך בעט אייך, מיין הערר, שטעהט אויף : איך בין
זיכער איהר זייט נים מיין זוהן לאנצעלאט.

לאנצעלאט. איך בעט אייך, לאמיר זיך מעהר נים נאריש
מאכען, נאר גיבט מיר אייער ברכה. איך בין
לאנצעלאט, אייער בחור׳ל, וואס איז געוועזען, אייער
זוהן, וואס איז, און אייער קינד, וואס וועט זיין.

גאבבא. עס לאזט זיך מיר נים גלויבען דאס איהר זייט מיין זוהן.

לאנצעלאט. איך ווייס נים, וואס איך זאל דענקען וועגען דעם ;
אבער איך בין לאנצעלאט, דעם יידענ׳ס מענש,
און איך בין זיכער דאס אייער ווייב מארגערי איז
מיין מוטער

גאבבא. מען רופט זיא טאקע מארגערי : ׳ך וועל שווערען,
אויב דוא ביזט לאנצעלאט ביזטו מיין אייגען פלייש
און בלוט : געלויבט און געדאנקט זאל זיין זיין
ליעבער נאמען ! וואס פאר א בארד דוא האסט !
דוא האסט מעהר האאר אויפ׳ן מארדע וויא מיין
פערדעל דאבין האבען האט אויפ׳ן עק

לאנצעלאט. וויא עס ווייזט אוים, אלזא, מוז דאבינ׳ס עק הערייגוואקסען

צוריק; דען ווען איך האבע
דאס לעצטע מאל, בין איך זיכער, דאס עס
האט געהאט מעהר האר אויפ׳ן עק, ווי
איך אויפ׳ן מארדע.

גאבבא. מיין גאט, ווי דו האסט זיך פערענדערט!
ווי קומסטו אויס מיט דיין בעל הבית? איך האב
איהם געבראכט א מתנה: ווי קומט איהר
יעצט אויס?

לאנצעלאט. גוט, גוט! נאר וואס אנבעלאנגט מיר, אזוי ווי
איך האב מיך שוין בעשלאסען צו לויפען, וועל איך
שוין לויפען ביז איך וועל האבען אבגעלאפען א
שטיק וועגס. מיין פרינציפאל איז אן אמת׳ער ייד:
געבען איהם א פרעזענט! גיב איהם א שטריק!
איך געה ביי איהם אויס פאר הונגער: דו קענסט
איבערצעהלען יעדען פינגער, וואס איך האב מיט
מיינע ריפען. טאטע, מיך פרעהט, וואס דו ביזט
געקומען: גיב מיר דיין מתנה פאר איינעם הערן
באססאניא, וועלכער גיבט אין דער אמת׳ן זעהר
שעהנע נייע אנצינגע: אויב איך וועל ביי איהם ניט
דיענען, וועל איך לויפען ביז עק וועלט. — א,
זעלטענער מזל! אט קומט דער מאן. — צו איהם, טאטע:
מיין נאמען איז ייד, אויב איך וועל נאך דיענען
לעננער ביים יידען.

(באססאניא, לארענצא, און אנדערע בעגלייטער טרעטען אויף.)

באססאניא. מעגסט טהאן אזוי: אבער זאל עס געטהאן ווערען
אזוי גיך, דאס אבענד-עסען זאל זיין פארטיג
ניט שפעטער פון פינף אוהר. זעה דאס דיזע
בריעף זאלען אבגעגעבען ווערען: גיב אוועג
מאכען די אנצינגע; און בעט גראציאנא צו קומען
באלד אויף מיין לאזשי.

(א בעדיענטער אב.)

לאנצעלאט. טאטע, צו איהם.



גאבבא. גאט זאל בענשען אייער גנעדינקייט!

באססאניא. א גרויסען דאנק! פערלאנגט איהר וואס פון מיר?

גאבבא. אט איז מיין זוהן, מיין הערר, אן ארימער יינגעל, —

לאנצעלאט. ניט אן ארימער יינגעל, מיין הערר, נאר דעם רייכען
יידענ׳ס יונג: וועלכער וואלט, ווי מיין פאטער וועט
דייטליך ערקלערען —

גאבבא. ער האט זיך, מיין הערר, ווי זאגט מען דאס שטארק
אנגענומען מיט א קראנקהייט צו וועלען דיענען, ..

לאנצעלאט. ווירקליך, בקיצור, איך דיען ביים יידען: און
האב א פערלאנג, ווי מיין פאטער וועט דייטליך
ערקלערען, —

גאבבא. ער און זיין בעל הבית זיינען ווי א הונד מיט א
קאץ, —

לאנצעלאט. קורץ גערעדט, דער גאנצער אמת איז, דאס דער
ייד, וועלכער האט מיר שלעכטס געטהאן, ברענגט מיך
דערצו דאס, ווי מיין פאטער, זייענדיג, איך האף,
אן אלטער מאן, וועט אייך גרינדליך ערקלערען, —

גאבבא. איך האב דא א געריכט פון טויבען, וועלכע איך
וואלט וועלען אוועקגעבען אייער גנעדיגקייט: און מיין
פערלאנג איז,

לאנצעלאט. נאר בקיצור, דער פערלאנג האט מיר שוין דערעסען,
ווי אייער גנעדינקייט וועט ערפאהרען פון דיזען
אלטען מאן; און כאטש איך זאג עס, כאטש
אן אלטער מאן, איז ער דאך, ארימער מענש
מיין פאטער.

באססאניא. זאל איינער ריידען פאר ביידען; וואס ווילט איהר?

לאנצעלאט. אייך דיענען, מיין הערר.

גאבבא. אט דאס איז טאקע דער גאנצער חסרון, מיין הערר

באססאניא. איך קען דיך גוט; דיין וואונש איז שוין ערפילט.
שאילאק, דיין פרינציפאל, האט היינט מיט מיר
גערעדט, און האט דיך מיר רעקאמאנדירט;
אויב ס׳ לוינט זיך אויפצוהערען דיענען ביי

א רייכען יידען, אום צו ווערען דער
בעגלייטער פון א הערר אן אריטאן.

לאנצעלאט. דער אלטער שפריכווארט פאסט זיך זעהר שעהן
אויף מיין פרינציפאל שאילאק און אייך, מיין הערר;
איהר, מיין הערר, האט דעם חן פון הימעל, און ער האט גענוג.

באססאניא. דוא זאגסט עס גוט; געה פאטער, מיט דיין זוהן. —
נעהם אבשיעד פון דיין אלטען העררן, און
ערקונדיג זיך, וואו איך שטעה איין. גיבט איהם
אן אנצוג — (צו זיינע בעגלייטער) זעהט ער זאל זיין בעסער ווִיא
דיא איבריגע. — זעהט עס זאל געטהאן זיין.

לאנצעלאט. טאטע, אהער. — איך קען גאר קיין שטעלע ניט קריגען,
ניין! דיא צונג האט מיר שוין גאר אבגעדארט. —
(קוקענדיג אויף זיין דאליאן) אלזא, זעה, אויב אירגענד
ווער אין איטאליען האט א שעהנערען דאליאן, וואס
וואלט וועלען שווערען אויף א ספר, דאס איך וועל
זיין מזל'דיג. קום נאר א הער: — אט איז אן
איינפאכער לעבענס-שטריק; אט איז עפעס א
קליינינקייט מכח ווייבער: אך, פופצעהן ווייבער
איז נאר נישט; ע"ף אלמנות און ניין מיידלאך איז
א געוואוינליכע איינקונפט פאר איין מענשען:
הײנט דריי מאל ניצול צו ווערען פון דערטרינקען זיך;
און קריגען צוקיילטע זייטען פון דעם ברעג פון א
פערענע; אט זיינען איינפאכע ענטרינונגען! נו,
אויב דאס גליק איז א פרויענצימער, איז זיא א וואויל
מיידעל דערפאר. — טאטע, קום; איך וועל מיך
זעגענען מיט דעם יידען אין אן אויגענבליק.

(לאנצעלאט און גאבבא אב.)

באססאניא. איך בעט דיך, גוטער לעאנארד, דענק
דערפון; ווען דיזע זאכען וועלען זיין
געקויפט, און ריכטיג אויסגעטהיילט, קום גיך
צוריק, דען הייטע אבענד אונטערהאלט
איך מיינע בעסטע פריינד, אייל זיך, און געה. —



לעאנארדא. איך וועל טהאן אלעס וואס ווערט מעגליך זיין.

(גראציאנא טרעט אריין.)

גראציאנא. וואו איז אייער הערר?

לעאנארדא. אן געהט ער אום, מיין הערר.

(לעאנארדא אב.)

גראציאנא. סיניאר באססאניא!

באססאניא. גראציאנא!

גראציאנא. איך וועל אייך עטוואס בעטען.

באססאניא. 'ס איז שוין רעכט.

גראציאנא. איהר טארט מיך ניט ענטזאגען איך מוז געהן
מיט אייך קיין בעלמאנט.

באססאניא, מוזט איהר, מוזט איהר.
נאר הער זיך צו, גראציאנא, ביזט צו ווילד,
צו גראב, און רעדסט צו פרעך: 'ס זיינען אלץ
אזעלכע זאכען, וועלכע פאסען דיר
גאנץ גוט, און וועלכע מיר בעטראכטען ניט
פאר פעהלער, אבער וואו מען קען זיי ניט,
דארט ווייזען זיי זיך אויס צו פריי. איך בעט
דיך, גיב זיך מיהע און צולאז דיין גייסט,
וואס שפרינגט, מיט איינינע קאלטע טראפען פון
אנשטענדיגקייט, אום איך זאל דארט, וואוהין
איך געה, ניט מיספערשטאנען ווערען דורך
דיין ווילדען סטאטאק, און פערליערען דאס,
אויף וואס איך האף.

גראציאנא. סיניאר באססאניא, הערט
אויב 'ך מאך מיר ניט אן ערנסטע מיענע, אויב
איך רעד ניט מיט רעספעקט, שילט זיך ניט זעלטען;
אויב 'ך טראג ניט קיין געבעט-בוך אום מיט זיך;
אויב 'ך קוק ניט מיט הכנעה. — ניין, נאך מעהר;
אויב 'ך האלט מיר ניט ביים עסען-בענשען צו
דיא אויגען מיט מיין היטעל — אט אזוי!
און זיפץ, און זאג קיין „אמן" ניט; אויב 'ך היט

נים פינקטליך אַב דיא גאנצע עטיקעט,
וויא איינער, וואס איז איינגעלעהרענט נום
צו מאכען א רחמנות צורה'קעלע
זיין באַבען צו בעפריעדיגען, — דאַן זאלט
איהר מיר אין גאַנצען מעהר נים גלויבען.

באַססאַניאָ. רעכט' ׳ך וועל זעהן וויא דוא וועסט זיך פיהרען.

גראַציאַנאָ. היינט מאַך איך מיר אַן אויסנאַהמע.
איהר וועט מיך דאָך נים אורטהיילען לוים וואס
מיר מהוען היינט ביי־נאַכט

באַססאַניא. ניין, דאס וואלט זיין
בעדויערנסווערטה. איך וואלט אייך בעטען איהר
זאָלט ליעבער היינט זיין פרעהליכער וויא שטענדיג.
מיר האבען פריינד, וואס ווילען לוסטיג זיין.
דאָך זיים געזונד ; איך האב נאך וואס צוטהאַן.

גראַציאַנאָ. און איך מוז געהן יעצט צו לאָרענצאָ און
דיא איבערינע פריינד. מיר וועלען אייך
בעזוכען אבענדס אין דער צייט פון עסען.

(אַב.)

~~~~~~~~~~~~~~

## דריטע סצענע.

---

א צימער אין שאַילאָק'ס הויז.

(יעססיקא און לאנצעלאָט טרעטען אויף.)

יעססיקא. עס טהוט מיר לייד, לאַנצעלאָט, וואס דוא ווילסט
מיין פאטער ׳זוי פערלאזען. אונזער הויז
איז גיהנם : דוא, א פרעהליכער טייוועל, האסט
פערטריבען עטוואס איהר לאַנגוויילינקיים. —
דאָך נעה געזונד ; און נאַ דיר א דוקאט. און,
לאַנצעלאָט, וועסט ביים אבענד־ברויט באלד זעהן
לארענצא. וואס איז דיין נייעם הערענ'ס גאסט.



דערלאנג איהם דיעזען בריעף, זעה קיינער זאל
נים זעהן. און געה געזונד. ׳ך וואלט נים געוואלט
מיין פאָטער זאל מיך זעהען רעדענדיג
מים דיר.

לאַנצעלאָט. אדיע ! — טרערען רעדען פאר מיר : זיסעסטע
אונגלויביגע ! זיסע יידיש קינד ! אויב א קריסט
וועט נים שפיעלען דיא ראָלע פון א שורקע
און דיך נים קריגען, האב איך א גרויסע טעות.
דאָך, אדיע ; דיזע נאַרישע טראָפען דערטרינקען
א ביסעל מיין מענישען מוטה. אדיע ! (אב)

יעססיקא. אָ, וויא נעמיין איז דאס פון מיר, וואס ׳ך שעהם
מיך מים מיין טאַטען ! דאָך, אבוואהל איך בין
זיין בלוט און פלייש, זיין טאכטער אבער אין
מאניערען בין איך נים. א, לאָרענצא, אויב
דוא וועסט נאָר האלטען דיין פערשפרעכען, וועל
איך ענדיגען דעם קאמפף ; ׳ך וועל קריסטין ווערען
און דיר אלס פרוי, אלס ליעבענדע, געהערען.

(אב.)

---

## פיערטע סצענע.

---

ווענעדיג. א גאס.

(גראציאַנאָ, לארענצא, סאלארינא, און סאלאַניאָ, טרעטען אויף.)

לאָרענצא. מיר וועלען זיך אב׳גנב׳ענען הערום
דער צייט פון אבענד־עסען, זיך
פערקליידען אויף מיין לאזשי, און קומען באלד
צוריק : און אלץ אין איין שעה צייט.

גראציאנא. מיר האבען נים געמאכט קיין גוטע פארבערייטונגען.

סאלארינא. מיר האבען נים גערעדט פון פאקעלטרעגער.
~~~~~~~~~~~~~~

סאלאניא. עס איז נעמיין: סיידען מען קען עס גלאט
בעש־עלען. ׳ס וואלט, מיר דאכט, זיין בעסער, דאס
מען זאל עס גאר נים אונטערנעהמען
לארענצא. ׳ס איז
נאר יעצט פיער אוהר. מיר האבען נאך צוויי שעה
זיך צו פערזארגען.

(לאנצעלאט טרעט אויף, מיט א בריעף.)

פריינד לאנצעלאט,
וואס הערט זיך עפעס נייעס ?
לאנצעלאט. אויב איהר וועט
׳זוי פריינדליך זיין דאס עפענען, וועט עס
אויסזעהען, דאס עס וועט ערקלערען.
לארענצא. איך קען דיא האנדשריפט. ׳ס איז אויף עהרענווארט
א שעהנע שריפט: און ווייסער נאך וויא דאס
פאפיער, אויף ויעלכע ׳ס האט געשריבען, איז
דיא שעהנע האנד וואס האט געשריעבען.
גראציאנא. ליעבע — נייעס: אויף עהרענווארט.
לאנצעלאט. מיט אייער ערלויבניס, הערר.
לארענצא. וואו געהסטו ?
לאנצעלאט. איך געה, פערשטעהט איהר מיך, מיין הערר, פערבעטען
מיין אלטען פרינציפאל דעם יידען צו עסען היינט
ביינאכט מיט מיין נייעם הערען דעם קריסט.
לארענצא.ווארט אב, שטעה:
נעהם דאס, און זאג דער עדלער יעססיקא.
דאס ׳ך וועל מיין ווארט נים ברעכען . זאג עס איהר
ווען קיינער וועט נים הערען: געה. (לאנצעלאט אב) וועט איהר
זיך פארבערייטען, מיינע הערען,
דיא מאסקען היינט ביי נאכט? איך האב מיר שוין
בעזארגט א פאקעל־טרעגער.
סאלארינא. יא, יא, געווים, איך געה עס גלייך בעזארגען.
סאלאניא. איך אויך.
לארענצא. טרעף מיך מיט גראציאנא און





זיין וואוינונג אין א שעה הערום.
סאלארינא. וועט זיין גאנץ גלייך מיר זאלען טהאן אזוי.

(סאלארינא און סאלאניא, אב.)

גראציאנא. האט נים דיא שעהנע יעססיקא געשיקט דעם בריעף ?
לארענצא. איך מוז דיר שוין אויסזאגען אלץ.—
זיא האט מיך אונטעררירכטעט שוין וויא זיא
אוועגצופיהרען פון איהר פאטער׳ס הויז;
וואס פאר א גאלד און ציערונג זיא האט
מיט זיך, וואס פאר א יינגעל־אנצוג זיא
האט אנגעגרייט זיך. אויב דער ייד, איהר פאטער,
וועט זיין ווען אין גן עדן, וועט עס זיין
צוליעב זיין עדלער טאכטער. זאל זיך נים
דאס אונגליק ווען דערוואגען איהר אין וועג
צו שטעלען זיך, סיידען ער טהוט עס מיט
דעם אויסרייד, דאס זיא איז דיא טאכטער פון
א יידען און אונגלויבינען ־קום, און לעז
דאס געהענדיג.—דיא שעהנע יעססיקא
וועט זיין מיין פאקעל־טרעגערין.

(אב.)

---

## פינפטע סצענע.

---

### פאר שאילאק׳ס הויז.

(שאילאק און לאנצעלאט טרעטען אויף.)

שאילאק. רעכט, וועסט שוין זעהן מיט דיינע איינ׳גע אויגען
דעם חילוק פון דעם אלטען שאילאק ביז

באססאניא. — יעססיקא! — דו וועסט ביי איהם
ניט פרעסען וויא ביי מיר. —הע, יעססיקא! —
זיך שלאפען, בראפען און צורייסען קליידער :—
איך זאג דיר, יעססיקא, דוא הערסט צו ניט? —

לאנצעלאט. הא, יעססיקא!

שאילאק. ווער הייסט דיר רופען? איך
הייס דיר ניט רופען. —

לאנצעלאט. אייער גנעדינקייט.
פלעגט שטענדיג זאגען, דאס איך קען קיין זאך
ניט טהאן אהן א בעפעהל.

יעססיקא. (טרעט אויף) רופסטו? וואס איז
דיין וואונש?

שאילאק. מען האט מיך איינגעלאדען היינט
ביינאכט צום עסען, יעססיקא; נעהם צו
דיא שליסעל. — דאך, פאר וואס זאל איך דארט געהן?
זיי האבען מיך אויס ליעבע ניט געבעטען.
זיי חנפענען זיך צו מיר; דאך וועל איך געהן
אויס האס, אום ביים פערשווענדערישען קריסט
יך אנצועסען. — יעססיקא, מיין טאכטער,
גיב אכטונג אויף דער שטוב. מיר ווילט זיך ווערר
ניט געהן; עס ברייט זיך עפעס שלעכטעס פיר
מיין רוה, דען ס׳האט זיך מיר דיא פארינע נאכט
געטרוימט פון זעקלאך געלד.

לאנצעלאט. איך בעט אייך, מיין הערר, געהט; מיין יונגער הערר
ווארט אויף אייער אנקומענעס.

שאילאק. (אין א זייט) יע, און איך ווארט אויך אויף זיין אבקומענעס.

לאנצעלאט. און זיי האבען זיך אבגעמאכט, — ׳ך וועל ניט זאגען
דאס איהר וועט זעהן א מאסקעראדע; אבער אויב
איהר וועט, וועט עס הייסען דאס ניט אומזיסט האט
מיר אנגעהויבען געהן בלוט פון נאז דעם פערגאנגענעם
„שווארצען מאנטאג" אום זעקס אוהר אין
דער פריה, וואס איז אויסגעפאלען אין דעם טאג



וואס איז געוועזן „אשער-מיטוואך" מיט פיער יאהר צוריק
נאך מיטאג

שאילאק. הא, מאסקען? — הער דוא מיר נאר, יעססיקא.
שליס מיינע טהירען צו: און ווען דער פויק
וועט געהטען קלאפען, און דיא פייפעל מיט
דער קרומער האלז וועט געהמען קוויטשען ווילד,
קריך דוא נאר ניט הערויף צום פענסטער׳ל
און שטעק מיר ניט הערויס דיא קאפ אין גאס
צו זעהן קריסטליכע נאראנים מיט
פערשמירטע צורות. זאלסט פערשטאפען פעסט
דיא אויערן פון מיין הויז — דיא פענסטער מיין איך.
זאל ניט דער קלאנג פון פלאכער נארעשקייט
הערייננעהן אין מיין ריינער הויז. איך שווער
ביי יעקב׳ס שטעקען, ׳ס ווילט זיך מיר ניט געהן
צום מאהלצייט היינט ביי־נאכט. דאך וועל איך געהן.
דוא, סוחר, געה פאראויס; זאג, איך וועל קומען.

לאנצעלאט. ׳ך וועל געהן פאראויס מיין הערר; איהר פריילין, קוקט
דוקא הערויס פון פענסטער,
׳ס וועט א קריסט דא געהן פארביי,
ווערטה, איהר זאלט איהם ליעבען טריי. (אב)

שאילאק. וואס זאגט דער שוטה דער ישמעאל, הא?

יעססיקא. ער האט מעהר ניט געזאגט וויא, „זייט געזונד
מיין פריילין.

שאילאק. דער שוטה איז שוין גוט גענוג, אבער
א גרויסער אכלן, און א לאנגזאמער
פערדיענער; שלאפט ביי־טאג מעהר פון א קאץ. —
קיין פוילע פרעסערס וואוינען ניט מיט מיר;
דערפאר צושייד איך מיך מיט איהם, און שייד
זיך צוליעב איינעם, וואס איך וואלט געוואלט
ער זאל איהם העלפען אויסצוברענגען זיין
געבארגטעס געלד. — אלזא, געה, יעססיקא
הערייך. ׳ך קום אפשר באלד צוריס. — טהו וויא

וויא קומט זיא דאס וויא אַ פערשווענדערקע
צוריק, צוקלאפט דיא זייטען פון דעם וועטער,
צופליקט דיא זעגעל, דאר, צוריסען, און
פעראָרעמט פון דעם ווינד דעם הולטיי. —

(לאָרענצא טרעט אויף.)

סאלאַרינאָ. אָט קומט לאָרענצא : איך וועל ווענען דעם
נאך רעדען שפעטער.

לאָרענצא. זיסע פריינד, פערצייהט
געדולדיג. וואס איך האב מיך לאנג געזאמט,
נים איך, נאר מיין געשעפט, איז שולדיג, וואס
איהר האט געווארט. ווען איהר וועט קריגען לוסט
צו זיין גנבים, אום צו קריגען ווייבער,
וועל איך דאן ווארטען אזוי לאנג פאר אייך.
קומט נאר אהער ; דא וואוינט מיין שווער דער ייד.
הא, ווער איז דארטען אינעווייניג !

(יעססיקא ערשיינט אויבען, פערקליידעט אלס יינגעל.)

יעססיקא. ווער זייט איהר ? זאגט, איך זאל זיין זיכערער,
כאטש איך וואלט שווערען, אייער קול איז מיר
בעקאנט.

לאָרענצאָ. לאָרענצא, דיין געליעבטער.

יעססיקא. לאָרענצאָ גאנץ בעשטימט, און ווירקליך מיין
געליעבטער ; וועמען ליעב איך דען ׳זוי שטארק ? —
און אויב נים דוא, לאָרענצאָ, טאָ ווער ווייס
אויב איך בין דיינע ? —

לאָרענצא. דער הימעל און
דיין הארצען זיינען עדות, דאס דוא ביזט.

יעססיקא. כאַפּ דיעזע קעסטעלע ! — ׳ס איז ווערטה דיא מיה.
מיך פרעהט, וואס יעצט איז נאכט, קענסט מיך נים זעהן,
איך שעהם מיך זעהר מיט מיין פערענדערונג ;
דיא ליעבע אבער איז אַ בלינדע, און
פערליעבטע קענען נים דערזעהן אליין
דיא שעהנע נאַרעשקייטען, וואס זיי מהוען ;



איך הייס. — פערשליעס דיא טהירען הינטער זיך. —
איין שפריכ-ווארט לינט דעם שפּאָרער אלץ אין זינען :
ועסט פעסט פערבינדען, וועסטו פעסט געפינען. —
(שײלאָק אב.)

אריע

יעססיקא. און אויב מיין גליק איז נים אויף קורצע יאהרען,
איז מיר א פאָטער, דיר אַ קינד, פערלארען. — (אב.)

## זעקסטע סצענע.

(גראַציאַנאָ און סאלאַרינאָ טרעטען אויף מאַסקירט.)

גראַציאַנאָ. דאס איז דער רעכעל, אונטער וועלכען ׳ס האט
לאָרענצא אונז געהייסען בלייבען שטעהן.

סאלאַרינא. זיין שטונדע איז ביינאַהע העריבער.

און

גראַציאַנאָ. עס איז אַ וואונדער, וואס ער זאמט זיך מעהר.

סאלאַרינא. אָ, צעהן מאל גיכער פליה׳ן דיא טויבען פון
דער נעטין ווענום אונטערשרייבען זיך
אויף נייע ליעבעס ועקסלען, וויא זיי פליהען
נים צו פערשפּיעלען פריהערדיגע טרייהייט.

גראציאנאָ. ׳ס איז וואהר : ווער שטעהט אויף פון א מאלצייט מיט
דעם זעלבען שטארקען אפּעטיט, מיט וועלכען
ער זעצט זיך הין ? — וואו איז דאס פערד, וואס נעהט
העריבער נאך א מאל זיין שווערען וועג
מיט יענער שטארקער היץ, מיט וועלכער עס
איז פריהער דורכגעגאנגען איהם ? — נאך אלץ,
וואס עקסיסטירט, יאָגט מען זיך נאך מיט מעהר
פערלאנגען וויא מען האט געניסענדיג.
וויא נעהט זיך דיא בעפּוצטע שיף העראוס
פון איהר געבורטס-ארט וויא א פראַנט,
און א פערשווענדערקע, געלאסצעט און
אומארעמט פון דעם ווינד דעם הולטיי.

דען ווען זיי וואלטען קענען, וואלט אליין
דער יוצר הרע רוים געווארען מיך
צו זעהן פערוואנדעלט אין א יינגעל.

לארענצא. קום העראב.
דען דוא מוזט זיין מיין פאקעל־טרענערין.

יעססיקא. וויא? מוז איך נאך מיין שאנד בעלייכטען מיט
א ליכט? — זיא איז, אויף עהרענווארט, אליין
שוין מעהר וויא צו העל. דאס, געליעבטער, איז
נאו אן ענטדעקונגס־אמט; און איך דארף זיין
אין דונקעלהייט.

לארענצא. דאס ביזטו טאקע, ליעבסטע גראדע אין
דיין שעהנעם יינגעל־אנצוג. אבער קום,
דיא רנע, דען דיא שטומע נאכט ענטלויפט,
און ׳ס ווארט אויף אונז צום מאלצייט ביי באססאניא.

יעססיקא. איך מאך נאר צו דיא טהירען, ציער זיך אוים
מיט נאך דוקאטען, און קום גלייך הערוים.

(אב. פון אויבען).

גראציאנא. אויף עהרענווארט; זיא איז א גוי׳ע נים
קיין יידיש קינד.

לארענצא. א מגפה אויף מיין קאפ,
איך האב זיא הערצליך ליעב; דען זיא איז קלוג,
אויב ׳ך בין אויף איהר א מבין; זיא איז שעהן,
אויב מיינע אויגען זאגען מיר דיא וואהרהייט;
און טריי איז זיא, וויא זיא האט זעלבסט געציינט,
און דרום, ׳זוי וויא זיא איז, שעהן, קלוג און טריי,
וועל איך זיא האלטען אין מיין טרייער זעעלע.

(יעססיקא טרעט אויף אונטען.)

ביזט דא? — יעצט, מיינע הערען, לאמיר געהן,
דיא מאסקען־פריינדע ווארטען דארטען שוין.

(אב מיט יעססיקא און סאלארינא.)

(אנטאניא טרעט אויף.)

אנטאניא. ווער איז דאס דארט? —



גראציאנא. סיניאר אנטאניא!

אנטאניא. פע, פע, גראציאנא! — וואו זיינען ראס
דיא איבריגע? — עס איז שוין ניין אוהר:
דיא פריינדע ווארטען שוין אויף אייך. — נימא
קיין מאסקען היינט ביינאכט. דער ווינד איז שוין
געקומען, און באססאניא וועט באלד געהן
צום שיף. ׳ך האב צוואנציג מענשען אויסגעשיקט
אייך זוכען.

גראציאנא. זעהר גוט; פון מעהר פרייד האב איך נים געטראכט,
וויא נאר אוועקצוזעגלען היינט ביינאכט. (אב.)

---

## זיעבענטע סצענע.

בעלמאנט, א צימער אין פארציא׳ס הויז.

(קארנעטען־שאל. פארציא מיט דעם פרינץ פון מאראקקא, און ביידענס בעגלייטער טרעטען אויף.)

פארציא. געה, ציעה אוועג דעם פארהאנג, און בעוויין
דיא קעסטעלאך פאר דיעזען עדלען פרינץ. —
יעצט קלייבט אייך אויס. —

מאראקא. דיא ערסטע איז פון גאלד,
וואס האט דיא אויפשריפט, וועלכע פאלגט: „ווער ׳ס קלייבט
אוים מיך געווינט וואס פיעלע ווילען.“
דיא צווייטע איז פון זילבער, און זיא גיבט
דאס פאלגענע פערשפרעכען: „ווער עס קלייבט
אוים מיך, וועט קריגען דאס, וואס ער איז ווערטה.“
דיא דריטע איז פון מאטע בליי, און האט
א ווארנונג וואס איז פונקט אזוי נים קלאר:
„ווער ׳ס קלייבט אוים מיך, מוז געבען און ריזיקירען
אלצדינג וואס ער פערמאגט.“ — וויא וועל איך עס
דען וויסען, אויב איך וואויל דיא ריכטיגע? —

פארציא. דיא ריכטיגע ענטהאלט מיין בילד, מיין פרינץ.
קלייבט איהר זיא אוים, דאן בין איך אייערע.

מאראקקא. א גאט זאל מיך דא פיהרען! לא׳מיך זעהן;

יך וועל איבערזעהען ווידער, וואס עס שטעהט
אויף זיי: וואס זאגט דיא בלייענע? „ווער ׳ס קלייבט
אויס מיך, מוז געבען און ריזיקירען אלצדינג
וואס ער פערמאָגט?“ — מוז געבען, און פאר וואס?
פאר בליי? ריזיקירען אלץ פאר בליי? דיא קעסטעל
איז צו ריזקאַלנע. מענשען, וואס ריזקירען
אלץ, טהוען עס נאר מיט דער האָפנונג צו
געווינען פיעל. — א גאָלדנער שכל בויגט זיך ניט
פאר פסולות. — איך וועל, אלזא, קיין זאך
ניט געבען, און ריזקיר קיין זאך פאר בליי. —
וואס זאגט דאס זילבער מיט איהר יונגענד — פארב?
„ווער ׳ס קלייבט אויס מיך, וועט קריגען דאס וואס
ער איז ווערטה“ וואס ער איז ווערט? — דאָ שטעל זיך אב,
מאראָקקאָ, און וועג אב דיין ווערדע מיט
א גראַדער האנד; ווערסטו געשעצט לויט נאָך
דיין ווערדע, ביזטו ווערט גענוג. און דאָך
גענוג איז ניט גענוג צו גרייכען ביז
דער דאַמע. — אבער מורא האבען פאר
מיין ווערדע, וואלט עס הייסען זיך אליין
ערנידרינגען דורך שוואכקייט. — וויפיעל איך
בין ווערטה? — וואס הייסט? דאס איז דיא דאמע ׳ך בין
זיא ווערטה דורך מיין געבורט, פערמעגען, דורך
מיין שעהנקייט און מיין עדעלער ערציהונג.
נאך מעהרער וויא דורך דעם, בין איך זיא ווערטה
דורך ליעבע. וואס וואלט זיין ווען ׳ך זוך ניט מעהר
און קלייב דא אויס? — לאָמיך נאר זעהן אויפ׳ס ניי
דיא אויפשריפט איינגראַווירט אין גאָלד: „ווער ׳ס קלייבט
אויס מיך, געווינט וואס פיעלע ווילען.“ הא,
דאס איז דיא דאמע; פון דער גאנצער וועלט
ווערט זיא פערלאַנגט; פון אלע עקען וועלט
קומט מען א קוס טהאָן דיעזען ארן קודש,
דיא שטערבליך אטהמענדיגע היילינע



אויף דיא הירקאַנישע מדבריות, און
אראַביענ׳ס וויטע וויסטעניסען זיינען
אצונד, וויא וועגען אויסגעטראָטענע
פאר פרינצען, וועלכע פאהרען אָנצוזעהן
דיא שעהנע פאָרציא; אויך דאס קעניגרייך
פונ׳ם וואסער, וועמעס קאפ, דיא שטאלצע, שפייט
אינ׳ם הימעל׳ס צורה, איז קיין אָבשטעל ניט
פאר דיזע פרעמדע גייסטער, און זיי קומען,
וויא אויף א טייכעל, זעהן דיא שעהנע פאָרציא. —
איינס פון דיא דריי ענטהאלט איהר הימליש בילד;
איז ׳ס מעגליך דאס זיא ליגט אין בליי? — עס וואלט
געוועזן א זינד צו דענקען ׳זוי געמיין,
׳ס וואלט זיין צו גראָב אין גרוב איהר אנצוטהאָן
אן איבערצוג אויף דיא תכריכים. —
זאל איך נאָר דענקען, זיא איז איינגעזעצט
אין זילבער, וואס איז צעהן מאָל ערגער וויא
געלייטערט גאָלד? — א זינדיגער געדאנק!
אזא בריליאנט איז קיין מאל ניט געוועזן
געפאסט אין שלעכטערעס וויא גאָלד. ׳ס איז דאָ
אין ענגלאנד א מטבעה, וועלכע האט
אויף זיך אין גאָלד ארויסגעסטעמפעלט דיא
פיגורע פון א מלאך; אָבער דאס
איז אויפגעדריקט. דא אָבער, אין א בעט
א גאָלד׳נער, ליגט א מלאך אינוועגדיג.
גיבט מיר דיא שליסעל, ׳ך קלייב דא אויס, און זאָל
מיר גליקען, וויא עס וויל. —

פארציא. נאָט, נעהמט עס, פרינץ; און אויב עס ליגט דאָ מיין
געשטאלט, דאן בין איך אייערע. (ער שליסט אויף דיא גאָלדענע קעסטעלע.)

מאראקקא. אָ טייוועל! וואס איז דאס? נאָר א סקעלעט
און וועמעס פוסטע אויג עס ליגט נאָר א
פערוויקעלטע, פערשריבענע פאפיער.
׳ך וועל עס לעזען. (ער לעזט)

אלץ איז נים קיין גאָלד וואס בליצם
האט איהר אָפט געהערט ביז איצט.
מאנכער האט פערקויפט דאס לעבען
נאָר אויף מיר א קוק צו געבען.
אויף אין קברים שעהן—געגילט,
ליגען ווערים איינגעהילט.
וואָלט איך 'זוי פיעל זיין געשיצט
וויא פיעל דרייסטקייט איהר בעזיצט;
וואָלט איהר יונג זיין אין געשטאלט
און געוועזן אין שכל אלט,
וואָלט דער ענטפער דאָ נים שטעהן.
זיים געזונד; איהר קענט אייך געהן,
אייער שידוך איז שוין קאלט.—

מאראָקקאָ. יא, ווירקליך קאלט און מיה אומזיסט פערלאָרען;
טאָ זיי געזונד, היץ, יעצט ווערט אלץ פערפראָרען.
פאָרציא, אדיע; עס טהוט מיר צופיעל וועה
דאס הערץ זיך לאנג צו זעגענען. אזוי
שיידען זיך דיא וואס האבען אנגעווארען.—(אב.)

פארציא. גאנץ לייכט דערלעזט.—ציעה דעם פאָרהאנג, געת.
זאָל יעדער מיט זיין פארב מיך וואוילען אזוי.

(אב.

---

## אכטע סצענע.

---

### וועגעדיג. א גאַס.

(סאלארינא און סאלאָניאָ, טרעטען אויף.)

סאלארינא. עה, 'ך האב געזעהן באססאניא זעגלענדיג;
מיט איהם אין איינעם איז אוועג גראציאנאָ.
'ך בין זיכער, דאס לארענצא איז נימאָ
אויף זיין שיף.





סאלאניא. דער ייד, דער שורקע, האט שוין אויפגעוועקט
מיט זיין געשריי דעם הערצאָג, וועלכער איז
מיט איהם געגאנגען זעהן באססאניאָ'ס שיף.

סאָלאָרינאָ. ער איז צו שפעט געקומען, דען דיא שיף
איז שוין געווען אוועג געזעגעלט. דאָרט
האט מען דעם הערצאָג אָבער צו פערשטעהן
געגעבען, דאס מען האט געזעהן לאָרענצאָ
מיט זיין פערליעבטער יעססיקא אין
א שיפעל, און אנטאָניאָ האט, א חוץ,
דעם הערצאָג דיא פערזיכערונג געגעבען
זיי זיינען מיט באָססאניא נים געווען
אין זיין שיף.

סאָלאָרינאָ. 'ך האב קיינמאָל נים געהערט א ליידענשאפט
אזוי צוטומעלט, מאָדנע, סקאנדאלען
פערשיעדען-ארטיג, וויא ווען דער הונד דער ייד
האט אויסגעשריען אין דער גאַס:—„מיין טאכטער!
אָ דיא דוקאטען מיינע! א מיין טאכטער!
אנטלאפען מיט א גוי!—דיא קריסטליכע
דוקאטען מיינע!—אָ גערעכטיגקייט!
געזעץ!—מיינע דוקאטען און מיין טאכטער—
א גאנצען זאק—פערזיעגעלטע צוויי זעק
דוקאטען—דאפעלטע דוקאטען—האט
פון מיר מיין טאכטער צוגע'גנב'עט.
און ציערונג—שטיינער צוויי—צוויי רייכע
און טהייערע בריליאנטען האט מיין קינד
פערכאפט,—גערעכטיגקייט!—געפינט דאס מיידעל!
עס האט אויף זיך דיא דימענטען און דיא
דוקאטען!"

סאלארינא. יאָ, אלע קינדער פון וועגעדיג לויפען
איהם נאך און שרייען:—דיא דיאמאנטען,
דיא טאכטער, דיא דוקאטען!—

סאלאניא. זאל
דער פריינדליכער אנטאניא היטען דעם
טערמין, אדער עס וועט איהם טהייער קאסטען.
סאלארינא. געוויס, איהר האט מיך גוט דערמאנט. איך האב
נעכטען גערעדט מיט א פראנצויז, וואס האט
געזאגט, דאס אין דעם שמאלען ים, וואס טהיילט
אב דיא פראנצויזען פון דיא ענגלענדער,
איז אונזערע א רייך־געלאד׳נע שיף
צו שטראנד געגאנגען; ׳ך האב, דאס הערענדיג,
געדענקט פון פריינד אנטאניא, און געווינשט
אין שטילען ׳ס זאל ניט זיין זיין שיף.—
סאלאניא. עס וואלט געווען דאס גלייכסטע, דאס איהר זאלט
אנטאניא זאגען, וואס איהר הערט; דאך טהוט׳ס
ניט פלוצלונג, דען עס קען איהם קריינקען.
סאלארינא. א פריינדליכער עדעלמאן איז נאר
ניטא אויף דר׳ערד; איך האב געזעהן, וויא
באססאניא און אנטאניא האבען זיך
צושיידט: באססאניא האט צו איהם געזאגט,
ער וועט זעהן קומען גיך צוריק; האט ער
געענטפערט: „טהו דאס ניט; מאך ניט אוועג
געשעפט פון מיינערטוועגען מיט דער האנד,
באססאניא; ווארט אב ביז דער לעצט׳ מינוט.
וואס אנבעלאנגט דעם יידענ׳ס וועקסעל, וואס
ער האט פון מיר, זאל דאס דיר ניט הערין
אין דיין פערליעבטען קאפ; זיי פריילעך, און
וועגד אן דיא הויפט געדאנקען דיינע, זיך
צו שדכענען, און צו בעווייזען דארט
אזעלכע ליעבע־צייכען וויא עס וועט
בעקוועם דיר אנשטעהן. און גראד דא,
מיט טרערענדיגע אויגען, ווענדענדיג
דאס פנים אין א זייט, האט ער פערלייגט
איין האנד אהינטער, און באססאניא׳ס האנד



געדריקט מיט וואונדערליכער טיעפער ליעבע;
און זיי האבען זיך אזוי צושיידט.
סאלאניא. איך דענק, ער ליעבט דיא וועלט נאר צוליעב איהם.
איך בעט דיך, לאמיר געהן איהם זוכען און
בעלעבען זיין בעליעבטע שווער געמיטה
מיט וועלכען ׳ס איז פערגנינען.—

(אב.)

---

## ניינטע סצענע.

---

בעלמאנט; א צימער אין פארציא׳ס הויז.

(נעריססא מיט א דיענער טרעטען אויף.)

נעריססא. גיך, איך בעט דיך, ציעה אויף דעם פארהאנג גלייך.
דער פרינץ פון ארראגאן האט שוין געשווארען,
און קומט גלייך וואוילען:—

(קארנעטענשאל. עס טרעטען אויף דער פרינץ פון ארראגאן,
ארציא און זייערע בײדענ׳ס בעגלייטער.)

פארציא. זעהט דארטען שטעהן דיא קעסטלאך: נאבלער פרינץ
קלייבט איהר אויס דיא, אין וועלכער איך בין דא,
וועט אונזער הייראטס צערעמאניע ווערען גלייך
געפייערט. אבער אויב איהר וואוילט אויס פאלש,
מוזט איהר, מיין לארד, נאר אהן פיעל טענות, גלייך
אוועג פון דאנען.—
ארראגאן. איך בין בעפאהלען דורך א שבועה
דריי זאכען אבצוהיטען:—ערסטענס, ניט
ערצעהלען קיינעם, וועלכע קעסטעל איך
האב אויסגעקליבען: צווייטענס, אויב איך קלייב
ניט אויס דיא ריכטיגע, זיך קיינמאל צו
א מיידעל ניט צו שדכ׳ענען; דריטענס,
אויב ׳ך וועל אין קלייבען ניט זיין מזל׳דיג,
זאל איך אייך גלייך פערלאזען, און אוועג.—

פארציא. אויף דיעזע פליכמען שווערט מיר יעדער, וואָר
עס קומט ריזיקירען פאר מיין ארמען איך.

ארראגאן. יזוי בין איך פאַרבערייטעט; זאל מיר יעצט
דער מזל העלפען צו מיין הערצענס-וואונש!
נאלד, זילבער און געמיינעס בליי. „ווער ׳ס קלייבט
אויס מיך, מוז געבען און ריזיקירען אלצדינג,
וואס ער פערמאגט" דוא זאלסט אויסזעהן שעהנער
בעפאר איך גיב אדער ריזיקיר. וואס זאגט
דיא גאלד׳נע קעסטעלע?—חא, לאמיך זעהן:
„ווער ׳ס קלייבט אויס מיך, געווינט וואס פיעלע ווילען!
דיא „פיעלע" קען דיא דומע מאסע זיין,
וואס וואוילען לויט דעם בליק, און פאָלגען וואס
עס לערנט זיי דאס נענארטע אויג, — דאס אויג,
וואס דרינגט ניט אינוועגדיג הערייז, נאָר וויא
דיא מויער-שוואלב, וואס בויט זיך אויס א נעסט
אין וועטער אויף דער אויסערליכער וואנד,
פערטרויט דעם צופאל. — יך וועל ניט וואוילען דאס,
וואס פיעלע ווילען, דען איך וועל מיך ניט
פערגלייכען צו געמיינע נייסטער, און
זיך גלייך ניט שטעלען מיט דער גראָבער מאסע.
צו דיר, אלזאָ, דיא זילבער אוצר-הויז;
זאָג מיר-אויפ׳ס ניי, וואס שטעהט אויף דיר געשריעבען:
„ווער ׳ס קלייבט אויס מיך, וועט קריגען דאס וואס ער
איז ווערטה." און רעכט געזאָגט: דען ווער קען נעהן
דעם מזל נארען און זיין עהרענווירדיג
ניט האָבענדיג פערדיענט עס? — זאָל קיין מענש
ניט נעהמען זיך אן אונפערדיענטען ראנג!
הלואי וואלט מען קיין ניטער, קיין מיטולען,
קיין עמטער ניט דערלעבט דורך קאָררופציאָן!
הלואי וואלט ריינע עהרע זיין געקויפט
דורך דער פערדיענסט פון דעם, וואס קריגט עס!
וויא פיעלע וואָלטען דאַן זיך צוגעדעקט



דיא קעפ, וואס שטעהען אָהנע היטלען יעצט!
וויא פיעלע, וואס בעפעהלען, וואָלטען דאַן
געהאָרכען! וויא פיעל גראָבען בויער-פאָלק
וואָלט מען דאַן אויסגעזוכט פונ׳ם אמת׳ען,
אלט-ארעלינען שטאם! און וויפיעל עהרע
וואָלט מען דאַן אויסגעקליבען פון דעם שטויב
און דער רואינע פון דער צייט, אום אויף
דאס ניי עס אָבצושלאַנצען! — אלזאָ, ׳ך קלייב:
„ווער ׳ס קלייבט אויס מיך, וועט קריגען דאס, וואס ער
איז ווערטה."—׳ך וועל גלויבען, איך בין ווערטה. גיבט מיר
דערצו דעם שליסעלע; און גלייך שליסט אויף
מיין מזל דאָ.

פארציא. צו לאַנג געוואָרט דערפאַר, וואס איהר געפינט דאָ.

ארראגאן. וואס טהוט זיך דאָ? דאס בילד פון אן אידיאָט,
וואס ווינקט, און גיבט מיר אָב א צעטעל. ׳ך וועל
עס לעזען. וויא ווייט איז דאס פון פאָרציא׳ס בילד!
וויא ווייט איז דאס פון מיינע האָפנונגען,
און פון מיין ווערדע! — „ווער עס קלייבט אויס מיך,
וועט קריגען דאס וואס ער איז ווערטה." בין איך
דען ווערטה ניט מעהר׳ער וויא א נארענקאָפּ?
איז דאס מיין פרייז? בין איך דען מעהר ניט ווערטה?

פארציא. בעליידיגען און ריכטען זיינען צוויי
בעזונד׳רע זאַכען, איינס דער היפך פון
דאָס אנד׳רע.

ארראגאן. וואָס איז דאָ? (ער לעזט)
זיבען מאָל האט זיך געלייטערט
דיזער עדעלער מעטאַל;
יזוי איז דער פון שמוץ דערווייטערט
וועלכער וואוילט קלוג איבעראל.
מאנכער שוטה קוסט א שאָטען,
און בעזיצט א פוסטע פרייד.
מאנכער נאַר זעהט אויס געראטען

אין א זילבער רייכעם קלייד;
יזוי איז דיזער נאר געוועזען.
קלייב דיא שעהנסטע מיידעל אפ,
איך וועל אימער זיין דיין קאפ.
נעה, דוא האסט דיין שריפט געלעזען!
וייל איך ווארט, וועל איך דערפאר
אויסזעהן מעהרער וויא א נאר.
מיט איין נארענקאפ בין איך
דא געקומען ליעבען זיך,
און איך געה אוועק מיט צוויי.
ליעבסטע מיין, אדיע: איך וויל
טריי מיין שוואור זיין וואו איך געה
און מיין בעס דולדען שטיל. (אב)

פארציא. יזוי האט דיא ליכט פערברענט דיא פליגעלע!
א, דיזע איבערליינטע נארען! זיי
בעזיצען שכל, ווען זיי קלייבען,
פערשפיעלער דורך פערשטאנד צו בלייבען.

נעריססא. קיין אפיקורס האט עס ניט ערקלערט,
דאס הייראטהען און שטארבען ווערט באשערט.

פארציא. קום, ציעה דעם פארהאנג, נעריססא.

(א דיענער טרעט אויף.)

דיענער. וואו איז מיין מאדאם?

פארציא. אט בין איך: וואס פערלאנגט מיין העדר?

דיענער. מאדאם, ביי אייער טויער איז הערא‍ב
א יונגער מאנטשיק פון ווענעדיג, וואס
קומט מעלדען פריהער, דאס זיין העדר קומט אן.
ער ברענגט פון איהם א זעהר קלוגען גרוס, —
דאס הייסט, חוץ קאמפלימענטען העפליכע,
אויך טהייערע געשענקע. 'ך האב נאך ניט
געזעהן אזא געראטענעם ליעבע-שליח.
יזוי זיס איז אנ'אפריל טאג ניט געקומען
בעוויזען, דאס דער טהייערער זומער קומט,



נען ווענ פון רעדען), דאס דער גוטער אנטאניא, דער עהרליכער אנטאניא,—א ווען איך וואלט האבען א טיטעל געגוג צו זיין דער חבר פון זיין נאמען!

סאלאר. רעד שוין ביז דער ענדע. —

סאלאנ. הא? וואס זאגסטו? דיא ענדע איז, דאס ער האט פערלארען א שיף.

סאלאר. הלואי וואלט עס געווען דיא ענדע פון זיינע פערלוסטען!

סאלאנ. לאמיך זאגען „אמן" בעצייטענס, אום דער טייוועל זאל ניט צושטערען מיין געבעט; דען אט קומט ער אין דער געשטאלט פון א יידען. —

(שאילאק טרעט אויף.)

וואס הערט זיך נייעס? וואס הערט זיך צווישען דיא קויפלייט?

שאילאק. איהר האט געוואוסט, קיינער ניט אזוי גוט, וויא איהר, קיינער ניט אזוי גוט, פון מיין טאכטער'ס ענטלויפען.

סאלאר. דאס איז בעשטימט; איך פון מיינער זייט האב געקענט דעם שניידער, וועלכער האט געמאכט דיא פליענעל, מיט וועלכע זיא איז אוועקגעפלויגען. —

סאלאנ. און שאילאק, פון זיין זייט, האט געוואוסט, דאס דער פויגעל האט געהאט דערוואקסענע פליגעל; און דאן איז עס זייער טבע צו פערלאזען דעם נעסט. —

שאילאק. פערלאזען זאל זיא גאט!

סאלאר. דאס איז זיכער, אויך דער טייוועל קען זיין איהר ריכטער.

שאילאק. מיין איינען בלוט און פלייש זאל רעבעלירען!

סאלאנ. אלטע נבילה, רעבעלירט עס נאך אין דיזע יאהרען?

שאילאק. איך זאג מיין טאכטער איז מיין פלייש און בלוט.

סאלאר. עס איז א גרעסערער חילוק צווישען דיין פלייש און איהר פלייש, וויא צווישען טהייערע שווארצע קיילען און העלפאנד ביין; א גרעסערער אונטערשיעד צווישען אייער בלוט, וויא צווישען וויין און רהיין-וויין. — אבער זאגט נאר, האט איהר געהערט, אויב אנטאניא האט געהאט וועלכען אנווערה אויפ'ן ים אדער ניט? —

שאילאק. דארט האב איך אויך געטהאן א צווייטען שלעכטען שידוך: אנ'אנזעצער, א פערשווענדער, וועלכער דערוועגט זיך קוים צו ווייזען דיא אויגען אויף דער ריאלטא; א בעטלער, וואס פלעגט קומען אזוי פערפוצט אויפ'ן מארק; — זאל ער האלטען דעם וועקסעל אין זינען: ער פלעגט מיך רופען פראצענטניק, זאל ער האלטען דעם וועקסעל אין זינען; ער פלעגט לייען געלד אויס קריסטליכער געפעלינקייט, זאל ער האלטען דעם וועקסעל אין זינען!

וויא דער קוריער קומט אָן בעפאָר זיין הערר.

פאָרציאַ. נענוג, איך בעט דיך; ׳ך האב שטארק מורא, ועסט באלד זאָגען, ער איז דיר א קרוב. דוא נעברויכסט אזעלכע יום׳טוב׳דיגע רייד צו לויבען איהם. קום, קום, נעריססאַ, דען איך נאָר דעם יוצר הרע׳ס פאָסט צו זעהן, וואָס קומט אזוי אנשטענדיג.

נעריססאַ. באססאניא, הערר פון ליעבע, אויב דיין ווילען וויל ניט מעהר!

(אָב.)

(ענדע פון צווייטען אַקט.)

---

# דריטער אקט.

## ערסטע סצענע.

---

### א גאַס אין ווענעדיג.

---

(סאָלאַניאָ און סאָלארינאָ טרעטען אויף.)

סאָלאַנ. וואָס הערט זיך נייעס אויף דער ריאַלטאָ?

סאָלאַר. וואָס הייסט? עס רודעלט זיך נאָך פריש אויף דער ריאַלטאָ, דאס אנטאָניאָ׳ס א רייך-בעלאָדענע שיף איז פעראונגליקט געוואָרען אויף דעם שמאָלען ים; איך דענק, דאס מען רופט דאס אָרט „דיא גודווינס,“ א זעהר געפעהרליכעס און שלים׳מזל׳דיגעס אָרט, וואו דיא סקעלעטען פון פיעלע הויכע שיפען ליגען, וויא זאגט מען דאס, אין דר׳ערד, אויב מיין פלאָפלערקע „דאס בעריכט“ האט אין זיך א וואהר וואָרט.

סאָלאַנ. הלואי וואָלט זיא געוועזן דערין אזא ליגנערקע, א פלאָפלערקע, וויא איינע, וואָס האט ליעב דיא כוסה, אדער וואָס רעדט איין איהרע שכנים, דאס זיא קלאָגט אויף דעם טויט פון א דריטען מאַן. אבער עס איז וואהר, (אָהנע זיך צו פערפלאָנטערן אין לאַנגע רעד, אָדער העריבערצוגעהן דעם דייטליך אויסגעטראָטער



און ׳זוי איז אלעס אייערס. אָ, דיזע געמיינע צייטען, וועלכע שיירען דיא בעזיצער אב פון זייערע רעכטע! און אזוי אָבוואהל ׳ך בין אייערע, בין איך ניט אייערע, אויב ׳ס לאָזט זיך אויס אזוי דאן זאָל דער מזל זיין פערדאמט, ניט איך. איך רעד צו לאנג; איך טהו עס אָבער צו פערלענגערן דיא צייט, זיא אויסצוציעהען, אום אָבצוהאלטען אייך פונ׳ם וואוילען.

באָססאַניאָ. לאָזט מיך וואויכען, דען איך לעב יעצט אויפ׳ן קוואל-ראָד.

פאָרציא. אויפ׳ן מארטער-ראָד, באססאַניאָ? טאָ זייט מודה, מיט וואָס פאר א פעררעטה איז אייער ליעבע פערמישט.

באָססאַניאָ. מיט קיינעם, אויסער יענעם העסליכען פעררעטה פון חשד, דורך וועלכען ׳ך שרעק מיך, דאס איך וועל נים האבען קיין הנאה פון מיין ליעבסטער. פריינדשאפט און לעבען צווישען שנעע און פייער קען גראָר אזוי געמעהלט זיין, וויא פעררעטה אין איינעם מיט מיין ליעבע.

פאָרציאַ. אה, אבער איך האב מורא, דאס איהר רעדט אויף׳ן מארטער-ראָד, וואו מענשען זאָגען, וואָס מען וויל, דורך צוואנג.

באָססאַניאָ. פערשפרעך מיר ליעבען, וועל איך מודה זיין דעם אמת.

פאָרציאָ. רעדט אלזא, זייט מודה, און דאַן לעבט׳

באָססאַניאָ. זייט מודה און דאַן ליעבט, וואלט זיין דיא גאַנצע סומע פון מודה זיין.

א זיסע פייניגונג, ווען דער, וואס קוועלט,
לערנט מיך דעם ענטפער צו ערלעזען זיך!
דאך לאָמיך צו מיין מזל, און דיא קעסטלאך.

אויערן! הלואי וואלט זיא געווען הערַאבגעהויבען און דיא דוקאטען אין איהר ארון! — וואס הערט זיך פון זיי? — יע, אזוי. — און איך ווייס ניט, וואס דאס זוכען האט געקאסט. איין אנוועהר אויף דעם צווייטען. דער גנב ענטלאפען מיט אזוי פיעל, און אזוי פיעל קאסט א׳יסצוגעפינען דעם גנב; און קיין בעפריעדיגונג, קיין נקמה: און קיין שלים-מזל ריהרט זיך ניט, וואס פאלט ניט אן אויף מיינע פּלייצעס, קיינע זיפצען הערען זיך ניט אויסער דיא, וואס איך אטהעם הערויס, קיינע טרערען אויסער דיא, וואס איך פערגיעס.—

תובל. יא, אנדערע מענשען זיינען אויך שלים-מול׳דיג: איך האב געהערט אין גענאַא דאס אנטאניא. —

שאַילאַק. וואס, וואס וואס? שלים-מזל? שלים-מזל? —

תובל. זיינע א שיף איז פערוואָרפען געווארען, קומענדיג פון טריפּאלים.

שאַילאַק דאנקען גאט, דאנקען גאט! איז דאס אמת, איז דאס אמת?

תובל. איך האב גערעדט מיט מאנכע פון דיא מאטראזען, וואס זיינען גערעטעט געווארען פון דעם שיפ-ברוך.

שאַילאַק. איך דאנק דיר, גוטער תובל!—גוטע נייעס, גוטע נייעס: הא, הא!— וואו, אין גענאַא?

תובל. אייער טאכטער, וויא איך האב געהערט, האט אויסגעבראכט אין גענאא אכציג דוקאטען אין איין נאכט.

שאַילאַק. דוא שטעכסט מיר הערייַן א שפּיז אין הארצען! איך וועל שוין ווידער ניט זעהן מיין געלד; אכציג דוקאטען מיט איין מאל, אכציג דוקאטען!—

תובל. עס זיינען געקומען אין מיין געזעלשאַפט אייניגע פון אנטאַניאַ׳ס קרעדיטאָרען קיין ווענעדיג, וועלכע שווערען, דאס ער מוז ניט אנדערש באַנקראַטירען.

שאַילאַק. עס טהוט מיר שטארק הנאה. ׳ך וועל איהם פּלאגען, ׳ך וועל איהם פּייניגען. עס טהוט מיר שטארק הנאה.

תובל. איינער פון זיי האט מיר געציינט א רינג, וועלכעם ער האט געקראַגען פון אייער טאַכטער פאר אַנ׳אפּע.

שאַילאַק. לויף נאַך נאך איהר! דוא פּייניגסט מיך, תובל: עס איז געווען מיין טירקיז — רינג: איך האב איהם געקראגען פון לאה׳ן, זייענדיג א בחור: איך וואָלט איהם ניט אוועקגעגעבען פאר א גאנצען מדבר מיט אפּען.

תובל. אָבער אנטאָניאָ איז געווים א פערפאלענער.

שאַילאַק. יע, דאס איז אמת, דאס איז זעהר וואהר. גע, תובל, דינג מיר אָן א בעאמטען, רעד מיט איהם אָב מיט צוויי וואָכען פריהער. איך וועל נעהמען נאר



זיין הארץ, אויב ער פערשפּיעלט. דען ווען ער וואלט ניט זיין אין ווענעדיג וואָלט איך קענען מאכען, וועלכע געשעפטען איך וואָלט ווילען. — גע, גוטער תובל, און טרעף מיך אין אונזער שוהל; גע, גוטער תובל אין אונזער שוהל, תובל. —

(ביידע אב.)

## צווייטע סצענע.

בעלמאָנט, א צימער אין פּאָרציאַ׳ס הויז.

(באַססאַניאָ, פּאָרציא, גראַציאנאַ, נעריססאַ, און בעדיענטע טרעטען אויף. דיא קעסטלאך ווערען אויסגעשטעלט.)

פּאָרציא. איך בעט אייך, ווארט נאַך, ווארט א טאָג צו צוויי
בעפאָר איהר ריזיקירט, דען, אויב איהר וואוילט
אוים פאלש, פערליער איך אייער געזעלשאפט דאן,
דארום האלט אָב א ווײלע: עטוואס זאגט
מיר (אבער ס׳איז ניט ליעבע), ׳ך וועל אייך ניט
פערליערען, און, איהר ווייסט אליין, האס גיבט
קיין ראטה ניט אין אזא געפיהל. נאָר,
אום איהר זאלט מיך ניט פאלש פערשטעהן,
א מיידעל האט קיין שפּראך ניט, נאָר געדאנק (און דאך)
וואלט איך א מאָנאט אָדער צוויי אייך דאָ
פערהאלטען, איידער איהר ריזיקירט פאר מיר.
איך וואָלט אייך קענען לערנען ריכטיג יעצט
צו וואוילען, אָבער דאן ברעך איך מיין שבועה.
דאס וועל איך ניעמאלס טהאָן: ׳זוי קענט איהר מיך
פערפעהלען, אָבער אויב איהר פעהלט מיך, ברענגט
איהר מיך דערצו דיא זינד צו ווינשען, דאס
איך וואלט מיין שבועה שוין געבראכען, א
דיא אויגען אייערע! זיי האבען מיך
בעצויבערט און צוטהיילט: איין העלפט פון מיר
איז אייערע, דיא צווייטע אייערע,
מיין איינ׳גע וויל איך זאָגען; אָבער אויב
איז ס׳מיינע, איז עס אייערע אלזאָ.

פארציא. אוועק אלזא. אין איינע פון דיא דריי
בין איך פערשלאסען. ליעבט איהר מיך, וועט איהר
מיך אויסגעפינען. דוא, נעריססא, און
דיא איבריגע, שטעהט אלע אין א זייט.
וועהרענד ער קלייבט זאל שפיעלען דיא מוזיק.
אויב ער פערשפיעלט, דאן ענדיגט ער זיך, וויא
א שוואן, אויסגעהענדיג אין דיא מוזיק,
אום דער פערגלייך זאל זיין נאך ריכטיגער,
וועט זיין מיין אויג דיא טייך און וואסער-בעט
פאר איהם. ער קען געווינען—וואס איז דאן
מוזיק?—דאן איז מוזיק, וויא יענער שאל,
ווען טרייע אונטערטהאנען בויגען זיך
צום ניי-געקרענטען קעניג; ׳ס איז אזוי,
וויא יענע קלאנגען, וועלכע קלינגען זיס
דעם חתן אין דיא אויערן פריה פאר טאג,
איהם צו דער חופה רופענדיג. יעצט געהט
ער, מיט ניט וועניגער בעזעסענהייט,
דאך מיט א סך מעהר ליעבע, וויא דער העלד
אלסידעס, ווען ער האט בעפרייט דיא מיידעל,
וועלכע דאס יאמערנדיגע טראי האט אלס
טריבוט געצאהלט דער חיה פונ׳ם ים.
איך שטעה. אלס קרבן, דא; דיא איבריגע,
וואס שטעהען אן א זייט, דאס זיינען דיא
דארדאנ׳שע פרויען מיט געבלייכטע צורות,
געקומען זעהן דיא ענדע פונ׳ם קאמפף.
געה, הערקולעס; לעב דוא, לעב איך. מיט מעהר,
מיט פיעל מעהר שרעקען זעה איך צו דעם שטרייט,
וויא איהר, וואס געהט איהם מאכען היינט.

(מוזיק וועהרענד באססאניא קאמענטירט פאר זיך אויף דיא קעסטלאך.)

ליעד:

זאגט, פון וואו שטאמט ליעבעס-לוסט?
פון דעם מוח? פון דער ברוסט?



סאלאר. עה, איך בין זיכער, דאס, אויב ער פערשפיעלט, דוא וועסט ניט וועלען זיין פלייש. אויף וואס טויג עס דיר?

שאילאק. צו באפען פיש. אויב עס וועט קיין זאך ניט זעטיגען, וועט עס זעטיגען מיין ראכע-דורשט. ער האט מיך צו שאנד געמאכט, און מיר איבערגעפיהרט א האלב מיליאן פרנסה: האט געלאכט פון מיינע פערלוסטען, געשפעט פון מיינע פערדיענסטען, פעראכטעט מיין נאציאן, מיר אונטערגעשלאגען מיינע מסחרים, אבגעקיהלט מיינע פריינד, דערהיצט מיינע פיינד, און וועלכען גרונד האט ער? איך בין א ייד. האט דען ניט א ייד קיין אויגען? האט דען ניט א ייד קיין הענד, קיין אברים, קיין חושים, קיין געפיהלען, קיין ליידענשאפטען? ווערט ער ניט גענעהרט מיט דער זעלבער שפייז, געשעדיגט מיט דיא זעלבע וואפען, בעפאלען פון דיא זעלבע קרענק, געהיילט דורך דיא זעלבע מיטעל, געווארעמט און ערקעלטערט פון דעם זעלבען ווינטער און זומער, וויא א קריסט? — אויב איהר שטעכט אונז, געהט פון אונז קיין בלוט ניט? אויב איהר קיצעלט אונז, לאכען מיר ניט? אויב איהר פערגיפטעט אונז, שטארבען מיר ניט? — און ווען איהר טהוט אונז שלעכטס, זאלען מיר ניט נעהמען קיין נקמה? — אויב מיר זיינען, וויא איהר, אין אלע איבעריגע זאכען, וועלען מיר אויך זיין, ווי איהר, דערין. אויב א ייד טהוט שלעכטס א קריסטען, וואס איז זיין הכנעה? ראכע. אויב א קריסט טהוט שלעכטס א יידען, וואס זאל זיין געדולד זיין? גאנץ איינפאך, ראכע. דיא שורקעריי, וואס איהר לערנט מיך, וועל איך ערפילען, און עס וועט געהן שווער, אבער איך וועל נאך טהאן בעסער, וויא מען לערנט.

(א בעדיענטער טרעט אויף.)

בעדיענטער: מיינע הערען, מיין פרינציפאל אנטאניא איז אין זיין הויז, און וויל מיט אייך ביידען רעדען.

סאלאר. מיר זיינען איהם הערומגעגאנגען זוכען.

(תובל טרעט אויף.)

תובל. איך בין אפט געקומען אין ערטער, וואו איך האב פון איהר געהערט, אבער קען זיא ניט געפינען.

שאילאק נא, נא, נא, נא! — א דימענט פערשוואונדען, האט מיך געקאסט אין פראנקפארט צוויי טויזענד דוקאטען. אונזער נאציאן איז קיין מאל ניט פערשאלטען געוועזען ביז יעצט; איך האב עס קיינמאל ניט געפיהלט ביז יעצט. צוויי טויזענד דוקאטען און דעם דימענט, און אנדערע טהייערע, טהייערע ציערונגען. הלואי וואלט מיין טאכטער געלעגען טויט ביי מיינע פיס מיט דיא ציערונג אין דיא

איז איהר נאהרונג אייך בעוואוסט?
ענטפערט! ענטפערט!
אין דעם אויג ווערט זיא געוויגט,
לעבט פון זעהן, און ווערט דערשטיקט
אין דעם וויגעל וואו זיא ליגט.
אלע קלינגט איהר מויטען-קלאנג.
'ך מאך דעם אנפאנג: בינג, בינג, באנג!

אלע: בינג, בינג, באנג!

באסאניא. 'זוי קען דאס אויסערליכע אויסזעהן זיין
גראד ניט אזוי וויא עס זעהט אוים.
דיא וועלט איז אלץ נאך אבגענארט מיט פוץ.
וואו איז אין דאס געזעץ א האנדלונג 'זוי
פערשמוצט, וואס ווערט ניט צוגעריכט
פון א פערטהיידיגענדער שטימע, אום
מען זאל ניט זעהן דאס שלעכטע? וואו איז אין
דער רעליגיאן א טעות 'זוי פערדאמט,
וואס מאנכע פרומע צורה בענשט איהם ניט,
רעכטפערטיגט איהם ניט מיט א פסוק, און
בעהאלט דיא גראבקייט ניט מיט א שעהנעם פוץ?
וויא דייטליך עס זאל זיך ניט זיין א זינד,
דאך טהוט עס אויף דער אויסענזייטע אן
א וועלכען ניט איז שיין פון טוגענד. וויא
פיעל פייגלינגע, וואס האבען הערצער פאלש,
וויא טרעפען, וואס מען מאכט פון זאמד, טראגען
דיא בערד פון הערקולעס און מארס;
זוכט מען זיי אבער אינוועגדיג, זעהט מען
דאס זיי בעזיצען לעבער וויים, וויא מילך.
און דיזע טהוען אן דיא אויסענזייט
פון מוטה, זיי זאלען אויסזעהן העלדיש.
בעטראכט דיא שעהנהייט, איהר ווערט זעהן, מען קויפט
עס אויף'ן געוויכט, וואס לאזט דערין געשעהן
א נס אין דער נאטור, פערוואנדלענדיג



דיא שעהנסטע און דיא לייכטעסטע? 'זוי זיינען
דיא קרויזע, גאלדינגע האר, וואס שפיעלען זיך
צולאזען מיט דעם ווינד, אויף שעהנהייט, וואס
מען רעכענט נאר פאר שעהנהייט, אפט בעקאנט
אלס דאס בעזיצטהום פון אנאנדער קאפ,
גענומען פון א שארבען, וועלכער ליגט
אין דר'ערד. אזוי איז פוץ דער שעהנער ברעג
צו א סכנה'דיגען ים; דער שעהנער שאל,
וואס שלייערט איין אנ'אינדיער שעהנהייט; אין
א ווארט, דיא אבגעדרוכטע ווארהייט, וואס
דיא כיטרע צייט טהוט אן הערייננצונארען
דיא קלינסטע. דרום, דוא אויסגעציערטעס גאלד,
דוא הארטע שפייז פאר מידאס, 'ך וויל ניט דיך;
און אויך ניט דיך, דוא בלייכער, פראסטער שקלאף,
פון מענש און מענש. דאך דוא, דוא מאגער בליי
וואס דוא 'שרעקסט מעהר אב וויא דוא פערשפרעכסט,
דיין פראסטקייט ריהרט מיך מעהר, וויא רייכע רעד;
און דא קלייב איך: דיא ענדע זאל זיין פרייד.

פארציא. וויא אלע אנד'רע ליידענשאפטען פליה'ן
אוועג אין לופט, אלס צווייפלענדע געדאנקען,
אונאיבערלעגט-גענומענע פערצווייפלונג,
אלס שוידערנדיגע שרעק, און אייפערזוכט!
א ליעבע, זיי ניט ווילד; פערקלענער דיין
ערהאבענעס ענטציקען; רעגען מיט
א מאס דיין פרייד; האלט איין דעם איבערפלוס.
איך פיהל צו שטארק דיין ברכה, און איך שרעק
מיך, דאס איך וועל מיך איבערזעטיגען.

באססאניא. וואס געפין איך דא? (עפענענדיג דאס קעסטעלע)
דיא שעהנע פארציא'ס בילד? וועלכער האלב-גאט
האט עס 'זוי ריכטיג נאכגעאהמט דיא שעפפונג?
בעוועגען זיך דיא אויגען דיעזע, אדער
אומרייטענדיג אויף מיינע שווארץ אפעל,

דאכט עס זיך אָב, דאס זיי בעוועגען זיך?
אָט זיינען ליפּען אָבגעשיידעט דורך
א צוקער־אָטהעם; אזא זים אבהאלט זאל
אזעלכע זיסע פריינד צושיידען. דאָ,
אין איהרע לאָקען, האט דער מאהלער שפּיל
געארבייט, וויא א שפּין, און אויסגעוועבט
א גאָלד'נע נעץ צו פאנגען מענער־הערצער
גיכער, וויא פליגעלאך און שפּינוועבס. דאָך
דיא אויגען דיעזע, וויא האט ער געקענט
דערזעהן זיי צו מאהלען? האבענדיג
נאָר איינס געמאהלט, האט עס, מיר דאכט, געדארפט,
בעזיצען קראפט צו גנב'ענען ביידע זיינע
און זעלבסט פערבלייבען ניט געענדיגט. דאָך
בעטראכט: אזוי ווייט, וויא דער אינהאלט פון
מיין לויב איז פון דעם שאטען, וויל עס שעצט
עס ניט, וויא עס איז ווערטה, אזוי ווייט איז
דער שאטען פון דער וועזען, וואס איך לויב.
אָט איז דאס אנגעשריעבענע פּאפּיער,
דער אינהאלט און דיא סומע פון מיין גליק.
(לעזט.)

איהר, וואס וועהלט ניט לויט דעם שיין
וועהלט 'זוי ריכטיג און 'זוי פיין;
זייט דאס גליק פאלט אייך הערייף,
זאָלט איהר שוין צופריעדען זיין.

אויב איהר פרעהט זיך מיט דערמיט,
און מעהר גליק פערלאנגט איהר ניט,
קוסט זיא יעצט מיט חיים געמיטה,
פאָדערט זיא פון קוסט צונליהט.

א גוטער צעטעל. מיט ערלויבניס, פריילען (קוסט פּאָרציע.)
'ך קום דורך א צעטעל געבען און עמפפאנגען,
וויא איינער, וואס איז אין א שטרייט געגאנגען,
וואס דענקט, ער איז דעם פּובליקום געפעהלען,



און הערט צומישט דיא לויטע לויב־געשרייען,
און וויל אין צווייפעל זיך דיא פראגע שטעלען
אויב ער, אדער זיין געגנער, דארף זיך פרייען,—
אזוי שטעה איך דא, דרייפאך שעהנע פריילען,
גראדע אזוי, און צווייפעל אין מיין וואוילען,
ביז איהר וועט עס בעשטעטיגען, אונטערשרייבען
און מיינע זאָרג מיט אייער ווארט פערטרייבען.

פּאָרציע. איהר זעהט מיך, לאָרד באססאניא, וואו איך שטעה,
'זוי וויא איך בין. אבוואָהל פאר זיך אליין
וואלט איך ניט זיין 'זוי עהרענגייציג, איך
זאל וועלען זיין פיעל בעסער, וויא איך בין,
אָבער פאר אייך וואָלט איך געוואָלט, איך זאל
זיין זעכציג פאך דאס, וואס איך בין,—שעהנער
א טויזענד מאהל, רייכער צעהן טויזענד מאהל.
אום נאר פון אייך געשעצט צו ווערען, הויך,
וואלט איך אין טוגענד, שעהנקייט, גוטער פריינד,
געוואָלט שטעהן העכער, וויא מען שאצט ווען אב.
אין גאנצען אבער בין איך וועניג־וואס;
דאס הייסט, צו רעדען פּראָסט, א מיידעל ניט
געלערענט ניט געשוהלט, ניט פּראַקטיצירט.
גליקליך דערמיט, וואס זיא איז ניט 'זוי אלט,
זיא זאָל ניט קענען לערנען; גליקליכער
דערין, וואס זיא איז ניט געהאָדעוועט
'זוי דום, נאָר זיא קען לערנען; ס'גרעסטער גליק
פון אלץ איז, וואס איהר עדלער גייסט גיעט זיך
אוועג צו אייער גייסט, געפיהרט צו זיין,
וויא פון א הערר, א פיהרער, און א קעניג.
איך און דאס מייניגע געהערט יעצט אייך.
אָט ערסט בין איך געווען דיא הערשערין
פון דיזען שעהנעם הויז, בעפעהלערין
פון מיינע דיענער, איבער זיך אליין
דיא קעניגין, און יעצט, אָט ערסט, געהערט

דאס הויז, דיא דיענער, און דאס זעלבע איך,
צו אייך, מיין לארד. ’ך גיב זיי מיט דיזען רינג.
און ווען איהר ווערט איהם אָן, שיידט זיך מיט איהם,
אָדער איהר גיעט איהם וועמען ס’איז אוועג,
זאָל עס אָנזאָגען דאָן דעם אונטערגאנג
פון אייער ליעבע, און מיר געבען רעכט
אויף אייך זיך צו בעקלאָגען.

באַססאַניאָ. פריילען, איהר האָט מיר אָבגעלעהמט דיא צונג;
נאָר אין דיא אָדערן רעדט מיין בלוט צו אייך.
און אין מיין הערצען איז אזא מין רויש,
וויא ס’הערט זיך אין א מורמלענדיגער אָהן
צופריעדענער מאסע, נאָך א רעדע, שעהן
געהאַלטען פון א שטארק־בעליעבטען פרינץ;
וואו יעדעס עטוואס, ווערענדיג פערמישט,
ווערט וויא א ווילדעס גאָר־נישט, אויסער פרייד,
האַלב אויסגעדריקט, און האַלב ניט אויסגעדריקט.
נאָר ווען דער רינג שיידט זיך פון דיזען פינגער,
דאַן שיידט דאס לעבען זיך פון מיר; א דאַן
זייט דרייסט צו זאָגען דאס באַססאַניאָ איז טויט.

נעריססאַ. מיין הערר און הערין, יעצט איז אונזער צייט —
זוי וויא מיר זיינען דאָ געשטאַנען און
געזעהען אונזער וואונש געדייהענדיג,—
צו שרייען, פרייד! מיין הערר און פרייליין, פרייד!

גראַציאַנאָ. מיין הערר באַססאַניאָ, און מיין עדלע פריילען,
איך ווינש אייך אַל’ דיא פרייד, וואס איהר ווינשט זיך
א ...,. דען איך בין זיכער איהר בענויטהיגט זיך
ניט אין מיין פרייד; און ווען איי’ר גנעדיגקייט
רעכע..ט צו פייערן דעם גוטען אָבמאַך
פון אייער טרייהייט, בעט איך אייך, דאס אין
דער זעלבער צייט זאָל איך אויך קענען זיך
פ..רהייראַטהען.

באַססאַניאָ. פון גאַנצען הערצען, אויב



דוא קענסט נאָר קריגען זיך א פרוי.

גראַציאַנאָ. דאַנק אייער הערשאַפט, איהר האָט מיך פערזאָרגט.
מיין אויג, מיין הערר, קען זעהען גראַד ’זוי גיך,
וויא אייער אויג; איהר האָט געזעהן דיא פריילען,
די מיידעל איך; איהר האָט געליעבט, איך אויך,
דען ’ך ווייס ניט, וואס עס הייסט צו וואַרטען פונקט
אַזוי, וויא איהר, מיין הערר. אייער גליק האָט זיך
געווענדט אַן יענע קעסטעלאָך, מיינס אויך.
דען זיך דאָ שרכנ’ענדיג מיט מיה און שווייס,
און שווערענדיג מיט ליעבע־שבועות ביז
מיין גומען איז געוואָרען טרוקען, האָב
איך דאָך אַם ענדע, (אויב פערשפרעכען האַלט)
געקראָגען א פערשפרעכען אָט פון דער
פּאַרשוין פון איהר געליעבט צו ווערען, ס’ הייסט
אויב אייער מזל וועט דיא פריילען קריגען.

פּאָרציאָ. איז ’ס וואהר, נעריססא?

נעריססאַ. ’ס איז וואהר, מאַדאַם, אויב אייך געפעלט עס נאָר.

באַססאַניאָ. און איהר גראַציאַנאָ, מיינט איהר עס אין ערנסט?

גראַציאַנאָ. אין ערנסט, מיין הערר.

באַססאַניאָ. אונזער האכצייטס־פעסט וועט זעהר געעהרט זיין
מיט אייער הייראַטהען.

גראַציאַנאָ. מיר וועלען מיט זיי שפּיעלען,
דער ערסטער יינגעל פאַר א טויזענד דוקאַטען.

נעריססאַ. און גלייך איינלעגען?

גראַציאַנאָ. ניין, אין דעם שפּיעל וועלען
מיר ניט געווינען דורך איינלעגען.— דאָך,
ווער קומט עס דא? לאָרענצא מיט זיין יידין?
הא, און מיין אַלטער פריינד סאַלאַניא פון
ווענעדיג?

(לאָרענצא יעססיקאַ און סאַלאַניאָ טרעטען אויף.)

באַססאַניאָ. לאָרענצאָ און סאַלאַניאָ זייט ווילקאָמען,
אויב איך, וואס ’ך בין ביינאַה א פרעמדער דא,

האָב רעכט צו חייפען אייך ווילקאָמען זיין.
מיט איי'ר ערלויבניס חיים איך מינע פריינד
און לאנדסלייט זיין ווילקאָמען, פּאָרציאָ.

פּאָרציאָ. איך אויך, מיין הערר; זיי זיינען חעכסט ווילקאָמען.

לאָרענצאָ. דאנק אייער גנעדינקייט, פון מיינער זייטע
האב איך אייך ניט ערוואַרטעט דאָ צו זעהען.
נאָר טרעפענדיג סאָלאַניאָ דורך א צופאל,
האט ער פערלאנגט, איך זאָל ניט אנדערש געהן
מיט איהם אהער.

סאָלאַניאָ. 'ך האב עס געטהאָן, מיין הערר,
און האָב דאפיר געוויסע גרינדע. סעניאָר
אנטאָניאָ רעקאָמענדירט איהם אייך.

(גיבט איהם אַ בריעף.)

באַססאַניאָ. בעפאָר איך עפען אויף דעם בריעף, זאָגט מיר,
איך בעט אייך, וויא עס געהט מיין גוטען פריינד.

סאָלאַניאָ. ער איז ניט קראנק, סיידען עס איז אין גייסט;
און ניט געזונד, סיידען אין גיי ט זיין בריעף
וועט אייך ערקלערען, וואס ער מאכט.

גראַציאַנאָ. נעררִיססאַ, מונטער אויף דאָרט יענע פרעמדע;
חיים איהר ווילקאָמען זיין. איי'ר האנד, סאָלאַניאָ;
וואס הערט זיך פון ווענעדיג? און וויא געהט
דעם קעניגליכען קויפמאן אנטאָניאָ? 'ך וויים,
אונזער ערפאָלג וועט איהם פערשאפען פרייד:
מיר זיינען יעצט דיא יאזאָנס, דען מיר האָבען
דאָ דיא וואָל געוואונען.

סאָלאַניאָ. הלואי וואלט איהר דיא וואָל געוואונען, וואס
ער האט פערלאָרען.

פּאָרציאָ. יענעם פאפיער מוז האבען טהיילוויין אַ
פערפלוכטעס אינהאלט, דען עס גנב'עט פון
באַססאַניאָ'ס באַק אוועק דיא פארב, א פריינד,
א טהייערער, מוז געשטארבען זיין; זאָנסט וואלט
קיין זאך ניט אין דער וועלט פערענדערען



אזוי דעם צוש אנד פון א שטאַרקען מאַן.
וויא, שלעכטער נאָך און שלעכטער? — מיט ערלויבניס,
באכסאַניאָ, 'ך בין א העלפט פון אייך, און מוז
בעזיצען פריי א העלפט פון אלעם, וואס
דאס זעלבינע פאפיער ברענגט אייך.

באַססאַניאָ. אָ זיסע פּאָרציאָ, 'ס זיינען איינינע פון
דיא העכסט אונאַננעהמסטע ווערטער דאָ,
וואס האבען ווען עס איז בעפלעקט פאפיער.
מיין עדלע פריילין, ווען 'ך האב דאס ערסטע מאָל
אייך מיטגעטהיילט מיין ליעבע, האב איך אייך
געזאָגט גאַנץ פריי, דאס אלץ, וואס איך בעזיץ,
פליעסט אויף אין מיינע אָדערן; דאס איך בין
אנ'אדלינער. און דאן האב איך געזאגט
דיא וואהרהייט, דעננאך, ווערטהע פריילען, וויא
איך האב מיך דאן געשעצט אלס גאר-נישט,
וועט איהר נאך זעהן, וויא שטארק 'ך האב מיך בעריהמט.
ווען איך האב אייך געזאגט, דאס איך בעזיץ
קיין זאך ניט, האב איך אייך געדארפט דאן זאָגען
דאס איך בעזיץ נאך וועניגער וויא גאר-נישט.
דען איך האב וויהאליך זיך פערפפליכטעט צו
א טהייערן פריינד, און האב דעם פריינד געמאכט
פערפפליכטעט צו זיין סאמע פיינד, אום צו
פערבעסערען מיין לאגע, זעהט דעם בריעף,
מיין פריילען: דאס פאפיער איז, וויא דער גוף
פונ'ם פריינד, און יעדעס ווארט, וואס עס ענטהאלט
איז וויא אן אָפענע וואונד, וואס לאזט הערוים
פון זיך זיין לעבענס-בלוט. דאך, איז דאס וואהר,
סאָלאַניאָ? איז דען אלץ, וואס ער פערמאגט,
פערלאָרען? האט דען איין שיף ניט דערגרייכט
דעם ברעג? פון טריפּאָליס, פון מעקסיקע,
פון ענגלאנד, פון ליסבאָן, פון בארבארי
און אינדיען? איז זאגאר איין שיף אויף ניט

ענטרונען פון דער שרעקליכער בעריהרונג
פון פעלזען, וואס פערהאונגליקען דיא קויפלייט?

סאלאניא. ניט איינס, מיין הערר. און אויסערדעם, שיינט עס,
דאס ווען ער וואלט געהאט דיא סומע יעצט
דעם יידען צו בעצאהלען, וואלט דער ייד
עס ניט גענומען. 'ך האב נאך ניט געזעהן
א וועזען מיט דער אמונה פון א מענשען,
וואס זאל זיין אזוי שטרענג און שטארק געניינט
א מענשען צו פערהאונגליקען. ער לאזט
דעם הערצאג ניט צו רוה סיי פריה, סיי שפעט;
און קלאגט נאך אהן דיא פרייהייט פונ'ם שטאאט,
אויב מען פערלייקענט איהם גערעכטיגקייט.
שוין צוואנציג קויפלייט, אויך דער הערצאג און
דיא גרעסטע סענאטארען האבען שוין
מיט איהם גערעדט, דאך קען איהם קיינער ניט
אברערען פון זיין אייפערזוכטס פערלאנג
פון שטראף, גערעכטיגקייט און פון זיין וועקסעל.

יעסיקא. ווען 'ך בין געווען מיט איהם, האב איך געהערט
איהם שווערענדיג פאר זיינע לאנדסלייט תובל
און כוש, דאס ער וואלט ליעבער שוין געוואלט
אנטאניא'ס פלייש, איידער דיא צוואנציג-פאכע
סומע פון דאס געלד, וואס קומט פון איהם.
און 'ך ווייס, מיין הערר, אויב דאס געזעץ, דיא מאכט,
און דיא אויטאריטעט ענטזאגען זיך
ניט פון גערעכטיגקייט, דאן וועט דער ארעמער
אנטאניא ליידען זעהר שטארק.

פארציא. איז דאס אייער ווערטהער פריינד, וואס איז אזוי
געדריקט?

באססאניא. מיין בעסטער פריינד, דער בעסטער מענש, און אויך
דער בעסטער גייסט, וואס ווערט קיינמאל, ניט מיעד
צו טהאן געפעלינקייטען. 'ס איז א מענש,
אין וועלכען דיא פערצייטיגע עהרע פון



דיא רוימער זעהט זיך מעהר און טיעפער, וויא
אין אירגענד וועלכער מענש, וואס אטהעמט אין
איטאליען.

פארציא. וויא פיעל בעטרעפט דיא סומע, וואס ער קומט
דעם יידען?

באססאניא. פאר מיר, דריי טויזענד דוקאטען.

פארציא. וויא, ניט מעהר?
בעצאהלט איהם זעקס, און מאכט אן ענדע פון וועקסעל;
גיט איהם צוועלף טויזענד, דאן פערדרייפאכט עס,
איידער א פריינד פון דיזער זארטע זאל
א האר פערליערען דורך באססאניא'ס שולד.
קומט ערסט מיט מיר אין קירכ', און רופט מיך פרוי;
דען קיינמאל זאלט איהר לעבען פארציא'ס זייט
ניט ליגען מיט א שווערע זעעלע. איהר
וועט האבען געלד צו צאהלען צוואנציג פאך
דיא קליינע שולד. ווען עס וועט זיין בעצאהלט,
ברענגט אייער וואהרען פריינד אהער. איך און
מיין מויד נעריססא, וועלען לעבען דא
וויא מיידלאך און אלמנות. קומט מיט מיר;
גלייך נאך דער טרויאונג רייזט איהר אב פון היער.
הייסט איי'רע פריינד ווילקאמען זיין; ווער פרייער;
קאסט איהר מיך פיעל, וועל איך אייך האלטען טהייער.
דאך לעזט מיר פאר דעם בריעף פון אייער פריינד.

באססאניא. (לעזט) „זיסער באססאניא, מיינע שיפען זיינען אלע פערהאונגליקט געווארען; מיינע קרעדיטארען ווערען גרויזאם; מיין פערמעגען איז זעהר קליין; מיין וועקסעל ביי דעם יידען איז פערשפיעלט; און אזוי וויא בעצאהלען דעם וועקסער איז עס אונמעגליך, דאס איך זאל בלייבען לעבען; וועט אלעס, וואס דוא ביזט מיר שולדיג, זיין בעצאהלט, אויב דוא וועסט נאר קומען מיך זעהען אין דעם טאג פון מיין טוידט. פון דעסטוועגען, טהו וויא דיר איז בעקוועם. אויב דיין ליעבע צו מיר רעדט דיך ניט איין צו קומען, זאל דיך מיין בריעף ניט איינרעדען“.

פארציא. מיין געליעבטער,
ווארפט אלץ אוועג, און געהט דעם אויגענבליק.

באססאניא. זיים איהר ערלויבט מיר רייזען מיט פערגניגען,
וועל איך מיך איילען: דאָך ביז איך קום צוריק,
וועל איך נאנץ זיכער אין קיין בעט ניט ליגען;
קיין רוהע זאל אונז ביידען ניט פערוויגען.
(אלע אב.)

---

# דריטע סצענע.

---

ווענעדיג. א גאַס.

---

(שאילאַק, סאלאַרינאָ, אַנטאָניאָ און געפענגניס-וועכטער טרעטען אויף)

שאילאק ניעב אויף איהם אכט געפענגניס-וועכטער. רעד
מיר ניט פון מיטלייד: דאס איז דאס דער נאַר,
וואס האט געליהען געלד גאר אהן פראצענט.
ניעב אכט אויף איהם, געפענגניס וועכטער.

אַנטאָניאָ. הער מיך נאָר רעדען, גוטער שאילאַק.

שאילאַק. איך וועל דעם אבמאַך האבען. האסט מיך הונד
גערופען, איידער דוא האסט נאָך געהאט
אן אורזאַכע; דאָך, 'זוי וויא 'ך בין א הונד,
היט זיך פאר מיינע צייהן. מיך וואונדערט דוא
נאכלעסיגער געפענגניס-וועכטער, וואס
דוא ליעבסט אזוי מיט איהם הערומצוגעהן
אויף זיין פערלאַנג.

אַנטאָניאָ. איך בעט דיך, הער מיך רעדען.

שאילאַק איך וועל מיין אבמאַך האבען: איך וועל וויעדער דיך
ניט הערען רעדען. 'ך וועל מיין אבמאַך האבען,
און דארום רעד ניט מעהר. איך וועל ניט ווערען
א זאנפטער, בלינדער נאַר, שאָקלען דעם קאפ,
נאכגעבען, זיפצען און זיך אונטערגעבען
צו קריסטליכע פערמיטלער. געה ניט נאָך.
וואָס טויג מיר רעד? איך וועל מיין אבמאַך האבען. (אב)

סאלאַרינאָ. דאס איז דער אונערבארמליכסטער הונד,



וואס האט זיך אויפגעהאלטען ווען מיט מענשען.

אַנטאניא. לאזט איהם צופריעדען. 'ך וועל איהם מעהר ניט נאכגעהן
מיט נוצלאָזע בקשות. ער פערלאנגט
מיין לעבען. 'ך ווייס זיין גרונד גאנץ גוט. 'ך האב אפט
בעפרייט פון זיינע לאפעס פיעלע, וואס
האבען צייטענווייז זיך פאר מיר בעקלאגט;
דארום האסט ער מיך.

סאלאַרינאָ. 'ך בין זיכער, דאס דער הערצאָג וועט ניעמאלס
ערלויבען, דאס דער אָנוועהר זאָל זיין גילטיג.

אַנטאָניאָ. דער הערצאָג קען דאָך ניט פערלייקענען
דעם גאנג פון דאס געזעץ; דען אויב דיא רעכטע,
וואס פרעמדע האָבען אין ווענעדיג, זאָלען
א מאָל פערלייקענט ווערען, וועט עס שטארק
אָנקלאָגען דיא גערעכטיגקייט פון שטאַט;
דען אויך דער האנדעל און דיא איינקונפט פון
דער שטאאט געהערט צו אכערליי נאַציאָנען.
ד'רום געה דיר; דיזע שמערצען און פערלוסטע,
האָב'ן מיך אזוי הערונטערגעבראַכט אין גוף,
דאס 'ך וועל נאך האבען קוים א פונט פלייש פאר
מיין בלוטיגע קרעדיטאָר. אלזא, געה נאָר,
געפענגניס-וועכטער. בעט דוא גאָט, באססאניאָ
זאל קענען זעהן, וויא איך בעצאהל זיין שולד,
און דאן ארט מיך קיין זאך ניט. (אב)

---

# פיערטע סצענע.

---

בעלמאָנט. א צימער אין פארציא'ס הויז.

(פארציא, נעריססא, לאָרענצאָ, יעססיקא און בלשאַצר טרעטען אויף.)

לאָרענצאָ. פריילען, — אבוואהל איך זאג עס, ווען איהר זייט
דערביי, איהר האט א נאָבלען, אמת'ען
בעגריף פון געטער—גלייכער פריינדשאפט.

ועלכעס ערשיינט אם דייטליכסטען דעריי,
וואס איהר טראגט איבער ׳זוי געדולדיג דיא
אבוועזענהייט פון אייער הערר. אבער,
ווען איהר וואָלט נאר געוואוסט, וועמען איהר ציינט
עס דיזע עהרע, וואס פאר אן עדעלמאן
איהר שיקט צו הילפע, וואס פאר א טהייערן ליעבלינג
פון אייער מאן, מיין הערר, וואלט איהר, איך וויס, זיין שטאלצער
אויף דיזער טהאט וויא אויף געוואוינליכער
פריינעבינקיים.

פאָרציאַ. ׳ך האב קיינמאל קיין חרטה ניט געהאט,
ווען איך האב גוטס געטהאן, און וועל ניט יעצט.
דען אין קאמראדען, וועמעס זעלען טראגען
א גלייכע לאסט פון ליעבע, וועלכע רעדען,
און ברענגען אוים דיא צייט צוזאמען, מוז
נויטווענדיג זיין א גלייכע פראפארציאן
פון ציענע, זיטען, און פון גייסט. דאס מאכט
מיך דענקען, דאָס אַנטאָניאָ, זייענדיג
דער הערצענס-ליעבלינג פון מיין הערר, מוז
נויטהווענדיג זיין ׳זוי, וויא מיין הערר. אויב ׳ס איז
אזוי, וויא ווייניג טרעפט עס א, וואס איך
האב אבגעגעבען אויסצוקויפען
דיא עהנליכקייט פון מיין נשמה פון
דעם שטאנד פון גיהנם׳דינער גרויזאמקייט!
דאס אבער האלט שוין גאר ניט ווייט פון זעלבסט-לויב;
דארום, ניט מעהר דערפון. הערט עטוואס אנדערס.
לאָרענצאָ, ׳ך גיעב יעצט אָב צו איי׳רע הענד
דיא אויפזיכט און דיא פיהרונג פון מיין הויז,
ביז אונזער הערר וועט ווידער קומען. וואס
מיר אנבעלאנגט, האב איך געשווארען א
געהיימע שבועה דאָ צו לעבען, פון
געריססא נאָר בעגלייטעט. אין געבעט
און אין געדאנקען, ביז דאס ווידערקומען פון



איהר מאן און פון מיין הער. צוויי מייל פון דאנען
איז דאָ א מאנאסטיר, און דאָרטען וועל׳ן
מיר זיין דיא צייט. ׳ך פערלאנג פון אייך איהר זאָלט
זיך ניט ענטזאגען פון דער פפליכט, וועלכע
מיין ליעבע, און, טהיילווייז, נויטהווענדיגקייט,
לעגט יעצט אויף אייך הערויף.

לאָרענצאָ. פריילען, פון גאנצען הערצען. איך וועל אייך
אין יעדען עהרליכען בעפעהל געהאָרכען.

פאָרציאַ. מיין דיענערשאפט וויים שוין, וואס איך פערלאנג,
און וועלען אייך און יעססיקא בעטראכטען
אינ׳ם פלאץ פון לארד באססאניא, און מיך זעלבסט.
׳זוי זייט געזונד, ביז מיר זעהן זיך ווידער.

לאָרענצאָ. שעהנע געדאנקען און שטונדען גליקליכע
זאָל׳ן זיין מיט אייך!

יעססיקא. ׳ך ווינש אייער גנעדינקייט דיא הערצליכסטע
צופריעדענהייט!

פאָרציאַ. דאנקע פאר איי׳רע ווינשע; און מיר מאכט
פערגנינגען אייך דאס זעלבינע צו ווינשען.
לעב וואהל, יעססיקא!

(יעססיקא און לארענצא אָב.)

יעצט, בלשאצר, ׳זוי
וויא דוא ביזט אימער מיר געוועזן טריי,
זיי עס אויך יעצט. נעהם דיזען זעלבען בריעף
און בריף דיין גאנצע מענער-ענערגיע
צו געהן געשווינד קיין פאדוא. זעה, דאָס
דוא גיבסט עס אָב מיין פעטער, דאָקטאָר
בעללאַריאָ, אין האנד; און זעה, וועלכע
אָנציינע און נאָטיצען דוא בעקומסט
פון איהם, און ברענג זיי אין דער גרעסטער האסט
צום איבערפאהרט ביים אלגעמיינעם שיף
וואָס פאָהרט אום קיין ווענעדיג. ניט פערליער
קיין צייט אין רעדען. זעה נאָר, דאס דוא געהסט.

איך וועל זיין דאָרט, איידער דוא קומסט אהין.

בלשאַצר. פריילען, איך נעה מיט דער העכסט־פּאַסענדסטער
ניכקיים. (אָב.)

פּאָרציאַ. נעריססאַ, קום; איך האָב אין קאָפּ אַ פּלאַן,
וואס איז דיר נענצליך אונבעקאַנט. מיר וועלען
זעהן אונזערע מענער נאָך בעפאָר, זיי וועלען
פון אונז דענקען.

נעריססאַ. וועלען זיי אונז זעהען?

פּאָרציאַ. יאַ: אבער אין אזעלכע קליידער, דאס
זיי וועלען דענקען, דאס מיר האבען, וואס
אונז פעהלט. איך וועט מיט דיר, אין וואס דוא ווילסט,
ווען מיר וועל'ן זיין נעקליידט, וויא יונגע לייט,
וועל איך פון ביידען זיין דער שעהנערער.
איך וועל מיין דעגען טראָגען מיט מעהר מוטה,
וועל רעדען מיט א פייפעל־שטימע, וויא
א ייננעל, וועלכער האלט ביים ווערען מאַן.
'ך וועל מיינע אייננעהאַלט'נע טריט פערוואַנדלען
אין מענער־שריט, און רעדען פון נעשלעג,
'זוי וויא א פיינער, פּלאַפּלענדינער יונג.
'ך וועל זאגען מאָדנע ליגען, וויא נעעהרטע
דאַמען זיינען קראַנק נעוואָרען און
נעשטאָרבען, ווייל זיי האבען מיך נעליעבט
און 'ך האב זיי ענטזאַגט.—עס וואָר ניט צו העלפען—
'ך וועל דאַן חרטה האבען, און ווינשען, דאס
איך וואָ־ט זיי ליעבער נים נעטוידט. און צוואַנציג
אזעלכע קליינע ליגען וועל איך זאָגען,
דאס מענער וועלען שווערען, דאס איך בין
הערוים פון שוהל ערסט מיט א יאָהר צוריק.
איך האב אויפ'ן קאָפּ א טויזענד שמר'סקע שטיק
פון דיזע פּלאַפּלענדינע חברה־לייט,
מיט וועלכע איך וועל פּראַקטעצירען.

נעריססאַ. וויא, וועלען מיר זיך איבערמאַכען דען



פאַר מענער?

פּאָרציאַ. פוי, וואָס פאַר א טיאוס'ע פראַגע
וואָלט דאס נעווען אין דער אנוועזענהייט
פון א פערדאָרבענעם פּערטייטשער. אָבער
קום, 'ך וועל דיר זאגען וועגען גאַנצען פּלאַן,
ווען איך וועל זיין אין פוהר, וואס וואַרט אויף אונז
ביים גאָרטען־טויער. לאָמיר זיך יעצט איילען;
מיר מוזען היינט אָברייזען צוואַנציג מיילען.

(אב.)

## פינפטע סצענע.

### דיא זעלבע. א גאָרטען.

(לאַנצעלאָט און יעססיקאַ טרעטען אויף).

לאַנצעלאָט. יאַ, אין דער אמת'ען, — דען, זעהט איהר, דיא זינד פון דיא פּאָטער וועלען פאַלען אויף דיא קינדער; דרום, 'ך פערשפּרעך עס אייך, האב איך פאַר אייך מורא. איך בין מיט אייך אימער נעוועזען אָפענהערציג, און אזוי רעד איך יעצט הערוים מיין אויפרעגונג וועגען דער זאכע: דרום זייט מונטער; דען, אין אמת'ען, איך דענק איהר זייט פערדאַמט. עס איז נאָר דאָ איין האפנונג דערין, וואס קען אייך גוטעס טהאָן: און דיזע איז אויך נאָר א מין ממזר'שע האָפנונג.

יעססיקאַ. וואָס פאַר א מין האָפנונג איז דאָס, ביטע?

לאַנצעלאָט. דיא האָפנונג, דאס אייער טאַטע איז נים אייער טאַטע, און דאס איהר זייט ניט דעם יידענס טאָכטער.

יעססיקאַ. דאס וואלט ווירקליך נעווען אַנ'אַרט ממזר'שע האָפנונג: אָבער דאַן וואלט דיא זינד פון מיין מוטער פאלען אויף מיר.

לאַנצעלאָט. אין דער אמת'ען אלזא, 'ך האב מורא, דאס איהר זייט פערדאַמט אי פון פאָטער'ס צד, אי פון מוטער'ס צד: און אזוי נאָר, וויא איך יוייך אויס אייער פאָטער סצילאַ פאַל איך הערייַן אין כאַריבדיס אייער מוטער. אלזאָ, איהר זייט א פאַרפאַלענע פון ביידע צדדים.—

יעססיקאַ. איך וועל נערעטעט ווערען דורך מיין מאַן: ער האט מיך נעמאַכט פאַר א קריסטין.

לאַנצעלאָט. וואַרהאַפטיג, דעסטאָ מעהר פערדיענט ער נעטאַדעלט צו ווערען:

מיר זיינען נעווען נענוג קריסטען פריהער: אזוי פיעל זאנאר, וויא עס האבען נעקענט לעבען גוט איינער פון דעם צווייטען. דיזע קריסטען-מאכעריי וועט העכערען דעם פר״יז פון חזרים: אויב מיר ווערען אלע חזיר-פרעסער, וועלען מיר אין ניכען ניט האבען פאר געלד א פאסיקעל אויף דיא קוילען. —

(לארענצא טרעט אויף.)

יעססיקא. איך וועל זאגען מיין מאן, וואס דוא זאגסט, לאנצעלאט: אט קומט ער.

לארענצא. איך וועל אויף דיר אין ניכען אייפערזיכטיג ווערען, לאנצעלאט, וואס דוא נעהמסט מיין פרוי אזוי אין דיא ווינקעלאך.

יעססיקא. ניין, דוא דארפסט פאר איהם קיין מורא ניט האבען, לארענצא; דען איך און לאנצעלאט זיינען צוקריגט. ער זאגט מיר פאזיטיוו, דאס עס איז פאר מיר ניטא קיין ערבארמונג אין הימעל, ווייל איך בין א יידענ׳ס א טאכטער. און ער זאגט אויך, דאס דוא ביזט ניט קיין גוטער מיטגליעד פון דער געמיינדע, ווייל דאדורך, וואס דוא מאכסט פון יידען קריסטען העכערסטו דעם פרייז פון חזיר.

לארענצא. איך וועל דאס לייכטער פערענטפערן פאר דער געמיינדע, וויא דוא דאס פול-מאכען פון דער ניגערקעס בויך: דיא מורין איז ביי דיר טראגעדיג, לאנצעלאט.

לאנצעלאט. עס איז פיעל, דאס דיא מורין זאל זיין מעהר וויא פערשטאנד;*) אבער אויך זיא איז ווענינער וויא אן עהרליכע פרויענצימער, איז זיא ווירקליך מעהר וויא איך האב גערעכענט.

לארענצא. וויא יעדער נאר קען שפיעלען מיט ווערטער! איך דענק, דאס דער נרעסטער חן פון שארפזין וועט באלד פערשווינדען, און געשפרעך וועט ווערען לויבענסווערטה און קיינע אנדערע בראוים, וויא נאר אין פאפאגייען. גנעה הערייז, דוא סוחר; הייס זיי זיך פארבערייטען צום מיטאג-עסען.

לאנצעלאט. דאס איז שוין געטהאן געווארען, מיין הערר: זיי האבען מאגענס.

לארענצא. גאט אין הימעל, וואס פאר א שארפזינ-קנאקער דוא ביזט! טא הייס זיי צוגרייטען מיטאג

לאנצעלאט. דאס איז שוין אויך געטהאן געווארען, מיין הערר; נאר „גרויטען" און דאס ווארט.

לארענצא. ווערסטו אלזא גרייטען דעם טיש, מיין הערר?

לאנצעלאט. דאס אויך ניט, מיין הערר. איך ווייס, וואס איך האב צו טהאן.

*) דאס איז א ווארט-שפיעל און אריגינאל, וועלכען מען קען ניט איבערזעצען אין זשארגאן.



לארענצא. נאך מעהר צאנקעריי מיט אבזיכט. ווילסטו הערויסציינען דאס גאנצע רייכטהום פון דיין שארפזין אין איין אויגענבליק? איך בעט דיך, פערשטעה א פראסטען מענשען אין זיין פראסטער מיינונג. געה צו דיינע קאמעראדען, הייס זיי גרייטען צום טיש, דערלאנגען דאס פלייש. און מיר וועלען הערייננקומען צו מיטאג.

לאנצעלאט. וואס אנבעלאנגט דעם טיש, וועט ער דערלאנגט ווערען; וואס אנבעלאנגט דאס פלייש, וועט ער גענרייט ווערען; וואס אנבעלאנגט אייער הערייננקומען צו מיטאג, זאל עס זיין, וויא דער שגעון און דער בעגריף וועלען הייסען. — (אב.)

לארענצא. א ליעב׳ פערשטאנד, וויא ׳ם קלעפען זיינע ווערטער
דער נאר האט זיך הערייננעפלאנצט אין קאפ
א גאנצע ארמעע פון גוטע ווערטער; און
איך קען א היבשע ביסעל נארען, וואס
פערנעהמען מעהר נעעהרטע פלעצער, ׳זוי
פערפוצט וויא ער, וואס לאזען אוים דעם תוך
נעדאנק פאר א גלייכווערטעל.—וויא איז דיר
צו מוטה, מיין יעססיקא? — און יעצט, מיין זיס׳
געליעבטע זאג מיר, וועלכע מיינונג האסטו
׳וענען לארד באססאניא׳ס פרוי?

יעססיקא. דיא אונאויסשפרעכליך בעסטע מיינונג, עס
וואלט געווען זעהר פאסענד, דאס דער לארד
באססאניא זאל זיך עהרליך פיהרען; דען
בעזיצענדיג אזא מין ברכה אין
זיין פרוי, האט ער דיא פרייד פון הימעל אויף
דער ערד. און אויב ער מיינט ניט עהרליך זיין
אויף דר׳ערד, איז דאס גענוג ער זאל דערפאר
ניט געהן אין הימעל.—יא, אויב צוויי געטער
זאל׳ן זיך פערמעסטען אין א הימעל-שפיעל.
און זיך פערוועטען אין צוויי ערדענ-פרויען,
און איינס פון דיזע פרויען זאל זיין פארציא,
דאן וואלט מען צו דער צווייטער נאך געדארפט
עפעס צולעגען: דען דיא ארימע

און גראבע וועלט בעזיצט איהר גלייכען ניט.

לארענצא. און גראדע אזא מאן האסטו אין מיר,
וויא זיא איז, אלס א פרוי. —

יעססיקא. יא, אבער פרעג מיין מיינונג אויך דעריין.

לארענצא. איך וועל באלד · אבער לאמיר נעהן צוערסט
צו מיטאג.

יעססיקא. ניין, לאמיך דיך לויבען וועהרענד
איך האב נאך אפעטיט.

לארענצא. 'ך בעט דיך, זאל
דאס זיין אנ'אונטערהאלטונגס-געגענשטאנד
ביים טיש: דאן, וויא דוא זאלסט ניט רעדען, וועל
איך עס פערדרייען.

יעססיקא. רעכט איך וועל דיך דערלאנגען. (אב.)

ענדע פון דריטען אקט.

---

# פיערטער אקט.

## ערשטע סצענע.

ווענעדיג. א געריכטס-זאאל.

(דער הערצאג פון ווענעדיג, סענאטארען, אנטאניא, באססאניא, גראציאנא, סאלארינא, סאלאניא, און אנדערע טרעטען אויף.)

הערצאג. איז אנטאניא דא?

אנטאניא. בערייט, וויא אייער גנעדינקייט פערלאנגט.

הערצאג. עס טהוט מיר לייד פאר דיר. דוא ביזט געקומען
ענטפערן א שטיינערדינען שונא, אנ'
אונמענשליכע, געמיינע בריאה,
וואס האט אין זיך קיין טראפען מיטלייד ניט.

אנטאניא. איך האב געהערט דאס אייער גנעדינקייט
האט זיך פיר מיר פיעל מיה געגעבען צו



פערלייכטערן זיין שטרענגקייט אין דער קלאגע.
דאך 'זוי וויא ער פערבלייבט הארטנעקיג, און
קיינע געזעצליכע מיטעל קענען מיך
ניט ברייננען וואו זיין אייפערזוכט זאל מיך
ניט גרייכען, שטעל איך מיין געדולדינקייט.
געגען זיין ווילדען כעס און בין בערייט
צו ליידען מיט א שטילקייט פונ'ם גייסט
זיין סאמע טיראניי און ווילדען צארן.

הערצאג. פארוועריטס, און רופט דעם יידען אין געריכט.

סאלאניא. ער שטעהט שוין גרייט ביים טהיר; ער קומט, מיין לארד.

(שאילאק טרעט אויף.)

הערצאג. מאכט פלאץ, און לאזט איהם שטעהן פאר מיינע אויגען.
שאילאק, דיא וועלט דענקט, און אזוי דענק איך, דאס
דוא האלסט זיך נאר אן דיזער זארטע פון
בייזמוטהינקייט ביז צו דער לעצטער שעה
פון דער פערהאנדלונג; דאן, דענקט מען, וועסטו
בעווייזען דיין רחמנות און חרטה, וואס
איז זאנדערבארער וויא דיין מאדנע און
דייטליכע גרויזאמקייט. און 'שטאט וואס דוא
צווינגסט יעצט הערויס דיא שטראפע, (וועלכע איז
איין פונט פון דיזען ארמען קויפמאנ'ס פלייש)
וועסטו ניט נור פערליערען דעם פונט פלייש
נור, זייענדיג געריהרט פון מענשליכער
צארטהערצינקייט און ליעבע, מוחל זיין
א טהייל פון קרן, ווארפענדיג א בליק
פון מיטלייד אויף דיא שאדעס וועלכע האבען
זיך דיא לעצטע צייט הערויפגעדרעגנט
אויף איהם,—שאדענס וואס קענען אונטערברייננען
א קעניגליכען קויפמאן און אויסרייסען
רחמנות פאר זיין שטאנד פון מעססינג'ענע,
פון גראבע, שטיינערדיגע הערצער, פון
הארטנעקיגע טארטארען, און פון טערקען,

וואס זיינען ניט געוואוינט צו טהאטען פון
נוטהערצינער געפעללינקייט,—מיר אלע
ערווארטען יעצט א מילדע אנטוואָרט, ייד.

שאילאָק. איך האב אייך נגעדינקיים בעקאנט געמאכט
מיין אבזיכט און ביי אונזער שבת קודש
האב איך געשווארען, דאס צו קריגען וואס
איז אפגעמאכט אין וועקסעל. גיעבט איהר דאס
מיר ניט, זאל דיא געפאהר דאן פאלען אויף
דעם בונדעס־שיין פון שטאאט, און אויף דער פרייהייט
פון אייער שטאדט.—איהר וועט מיך פרעגען ווארום
מיר ווילט זיך ליעבער איין פונט פאדלע—פלייש
אנשטאָט דריי טויזענד דוקאטען, וועל איך אייך
ניט ענטפערן, נור זאגען עס איז מיין
שגעון. איז דאס שוין פערענטפערט?—
וויא וואָט זיין ווען מיין הויז וואלט ליידען פון
א מויז, און איך וואלט וועלען געבען צעהן
טויזענד דוקאטען צו פערטרייבען זיא?—
וויא, האב איך שוין געענטפערט?—מאנכער האט
ניט ליעב א חזיר מיט אנ׳ אפענעם מויל;
מאנכער ווערט ווילד ווען ער דערזעהט א קאץ;
און מאנכער, ווען דיא דודע זינגט אין נאז,
בעפיעשט זיך;—דען דיא נייגונג, וועלכע הערשט
איבער דער ליידענשאפט, מאכט דאס מען זאל
וואס ליעבען אדער האסען;—יעצט דיא אנטוואָרט:
׳זוי וויא מען קען קיין פעסטען גרונד ניט געבען
ווארום דער האט ניט ליעב א חזיר מיט
אנ׳אפענעם מויל, דער אנ׳אונשעדליכע,
נויטוועגדינע קאץ, און דער א גראבע דודע,
און, זייענדיג אליין בעליידיגט מוז
ער נאך דיא שאנדע האבען דאס צו טאהן,
וואס איז ניט רעכט,—אזוי קען איך קיין גרונד
ניט געבען, און איך וויל אויך ניט, ווארום



איך פיר ׳זוי א פערשפיעלענדען פראָצעס
נעגען אנטאָניאָ, מעהר ניט וויא א טיעף,
שטארק־איינגעגע־׳נעם האַס, און א געוויסע
פעראכטונג וואס איך האב פיר איהם.—זייט איהר געענטפערט?—

באססאניאָ. דאס איז ניט קיין ענטפער, דוא
אונפיהלענדער מענש, וואס קען ענטשולדיגען
דאס שטראָמען פון דיין גרויזאמקייט.

שאילאק. ׳ךְ בין ניט
פערפליכטעט דיך צופריעדען שטעלען מיט
מיין אנטוואָרט.

באססאניאָ. טויט יעדער מענש דיא זאך וואס ער האט פיינד?

שאילאק. האסט יעמאנד דאס וואס ער וואלט ניט געטויט?

באססאניאָ. יעטווידע אונגערעכטע טהאט איז ניט
סיין האס אין אנפאנג.

שאילאָק. וויא וואָלסטו וועלען דאס
א שלאנג זאל דיך נאך צוויי מאל בייסען?

אנטאניא. איך בעט אייך, האט אין זינען דאס איהר רעדט
דא מיט דעם יידען.—גראדע אזוי גוט
קענט איהר זיך שטעלען נעבען ברעג, פון ים
הייסען דיא כוואליעס ניט צו זיין ׳זוי הויך;
גראדע אזוי קענט איהר נעהן טענה׳ן מיט
דעם וואָלף, ווארום ער האט געמאכט דיא שעפס
זאל מעקען נאך איהר לעמעלע; אזוי
קענט איהר דיא זאייכען—בוימער פון דיא בערג
פערוועהרען ניט צו שאָקלען זייערע שפיצען
און קיין ליארעם ניט צו מאכען ווען
דיא שטארקע הימעלס־ווינטען רייצען זיי.
אזוי לייכט קענט איהר טאָהן דיא שווערסטע זאך:
וויא מאכען ווייכער׳ (וואס איז הארטער דען
פאר איהר?), זיין יידיש הערץ. איך בעט אייך דרום
שלאגט זיך איהם מעהר נים אָן און ברויכט קיין אנדערע
מיטעל מעהר, נור מיט דער קורצעסטער

אַן איינפאַכסטער בעקוועמליכקייט, ניעבט מיר
מיין אורטהייל. און דעם אידען וואס ער וויל.

הערצאג. וויא קענסטו האפען אויף רחמנות, ווען
דוא זעלבסט האסט קיין רחמנות ניט?

שאילאק. פאר וועלכער שטראפע זאל איך מורא האבען,
ניט טהוענדיג קיין שלעכטס? איהר האט ביי זיך
א סך געקויפטע שקלאפען, וועלבע איהר בענוצט
וויא איי׳רע עזלען, הינד און קעמלען,
פאר גראָבע שקלאפען־ווערק. ווייל איהר האט זיי
געקויפט. זאל איך אייך זאגען: זאלען זיי
זיי פריי? פערהייראטה זיי מיט איי׳רע יורשים,
וואס שלעפען זיי מיט שוויס דיא שווערע לאסטען?—
זאלען זייערע בעטען זיין געמאכט ׳זוי וויך
וויא אייערע, און זאלען זייערע גומענס
אויף פיהלען דעם געשמאק פון גוטע שפייז?
איהר וועט מיר ענטפערן: „דיא שקלאפען זיינען
אונזערע.״—׳זוי ענטפער איך: דער פונט
פלייש וועלבען איך פערלאנג פון איהם קאסט מיך
א סך; ס׳איז מיינס; און כ׳וועל איהם האבען. אויף
איהר לייקענט מיר איהם אפ, דאן פוי אויף איי׳ר
געזעץ! דאן איז קיין קראפט ניטא אין דיא
געזעצע פון ווענעדיג.—כ׳ווארט דא אוף
אנ׳אורטהייל; ענטפערט: וועט איהר מיר עס געבען?

הערצאָג. אויף עהרענוואָרט, איך מעג ענטלאסען דאס
געריכט, סיידען בעללאריאָ, דער געלעהרטער,
נאך וועלכען ׳ך האָב געשיקט דיא זאכע צו
ענטשיידען, וועט נאך קומען היינט א הער.

סאלאַניאָ. מיין לארד, דאָ שטעהט אין דרויסען א קוריער
מיט בריעף פונ׳ם דאָקטאָר פון פאדוא; ער
איז ערשט געקומען

הערצאָג. ברייננ מיר דיא בריעף, און רוף מיר דעם קוריער.



באסאַניאָ. פריילעך, אנטאניא!—עה, מענש, נים פערליער
קיין מוטה! דעם ייד וועט קריג׳ן מיין פלייש, מיין בלוט,
דיא ביינער, און אלצדינג, איידער דוא זאלסט
איין טראָפען בלוט פאר מיר פערליע־ען.

אנטאָניא. ׳ךְ בין אין דער סטאדע א געפלעקטע שאף,
וואָס איז אָם פאַסענדסטען פארן טויט. דיא פרוכט,
וואס איז דיא שוואכסטע, פאלט ארונטער אויף
דער ערד דאס ערשטע; און אזוי לאמיך.
דוא קענסט קיין בעסערע בעשעפטיגונג,
ניט האבען, באססאניא, וויא צו בלייבען
לעבען, און צו שרייבען אויף מיין קבר ווער
דאָרט ליגט.

(נעריססא טרעט אויף פערקליידעט אלס אנ׳אדוואָקאט׳ס געהילפע.)

הערצאג. זייט איהר געקומען פון פאדוא, פון בעללאריא?

נעררִיססא. פון ביידע, מיין לארד.
בעללאריא גריסט איי׳ר גנעדינקייט.

(גיעבט איהם איבער א בריעף)

באססאניאָ: וואס שארפסטו דען דיין מעסער אזוי ערנסט?

שאילאק. דעם אָנוועהר אפצושניידען פון דער לייב
פון יענעם באנקראָטירער.

גראציאנאָ. ניט אויף דיין זייל, נור אויף דיין זעלע שארפסטו
דיין מעסער אָן. דאך קיין, מעטאל אויך נים
דעם תליונים האק, קען ׳זוי א העלפט ׳זוי שארף
ויא ס׳איז דיין קנאה. קען דיך קיין געבעט
ִיט ריהרען?

שאילאָק. קיין געבעט וואס דיין פערשטאנד
קען אויסגעפינען.

גראציאנאָ. אָ זיי דוא פערדאמט,
דוא איינגעשפארטער, מיטליידס־לאזער הונד.
און פאר דיין לעבען זאל דיא גע־עכטיגקייט
בעשולדיגט זיין. דוא מאכסט מיך שוואך ביינאה
אין גלויבען, און איך וואלט יעצט קענען זאגען

מיט פהיטאנאראס דאס דיא זעעלען
פון חיות נעהטן איבער אין דיא קערפער
פון מענשען; דען דיין נייסט, דער הינטישער
האט וועד־נים־איז רעגיערט א וואלף וועלכען
מען האט געהאנגען פיר איין מענשען־מארד.
און וועהרענד מען האט איהם געהאנגען איז
זיין בייזע זעעל' אוועקגעפלוינען פון
דער תליה און הערייז אין דיר אלס דוא
ביזט נאך געלעגען אין דער פינסטער אין
דיין מוטער'ס בויך. דען דיינע ווינשע זיינען
וועלפיש, בלוטיג, טויטליך — הונגריג, און
פערשלינגענד.

שאילאק. ביז דוא קענסט הערונטער שפאטען
דעם זיעגעל פון מיין וועקסעל. גרייפסטו זיך
נאר אן דיא לונגען ריידענדיג 'זוי לויט.
פערריכט דיין שכל, גוטער יונגער מאנטשיק,
אדער פון איהם ועט בלייבען מעהר נים וויא
אנ'אונהיילבארע חרובה. איך פערלאנג
דא דאס געזעץ.

הערצאג. בעללאריא'ס בריעף רעקאמענדירט אונז צום
געריכט א יונגען, און געלעהרטען דאקטאר.
וואו איז ער?

נעריססא. ערווארט נים וויים פון דאנען,
צו וויסען אייער אנטווארט אויף איהר לאזט
איהם צו.

הערצאג. פון גאנצען הארצען, זאלען דריי צו פיער
פון אייך איהם געהן אנשטענדיג ברייננען דא
צופיהרען. אונטערדעסען וועלען דיא
פערזאממעלטע הערען בעללאריא'ס בריעף.

(דעם דאקטאר'ס געהילפע לעזט:)

„אייער גנעדינקייט זאל פערשטעהן, דאס ביים ערהאלטען פון אייער בריעף בין איך זעהר קראנק. אבער אין דעם זעלבען אויגענבליק וואס אייער קוריער איז



געקומען איז מיט מיר געוועזען אויף א ליעבעס־בעזוך א יונגער דאקטאר פון רוים. זיין נאמען איז בלתהזר. איך האב איהם בעקאנט געמאכט מיט דער שטרייטיג־קייט צווישען דעם יידען און אנטאניא, און מיר האבען איבערגעבלעטערט א סך ביכער צוזאמען. ער איז פערזעהען מיט מיין מיינונג, וועלכע פערבעסערט פון זיין אייגענער געלערטהייט, (וועלכעס גרויסקייט איך קען נים גענוג לויבען,) קומט מיט איהם, אויף מיין דרינגענדער ביטע, צו ערפילען אייער גנעדיגקייט'ס פערלאנג אנ־שטאט מיר. איך בעט אייך, זאל זיין מאנגעל אין יאהרען נים זיין קיין אפהאלט איהם צו געבען זיין ווירדיגע שעצונג; דען איך האב נאך קיין מאהל נים געקענט אזא יונגען קערפער מיט אזא אלטען קאפ. איך לאז איהם איבער צו אייער גנע־דיגען עמפפאנגען און דיא פראבע פון זיינע פעהיגקייטען וועט צייגען דיא ווארהייט פון דער רעקאמענדאציאן."

הערצאג. איהר הערט וואס דער געלעהרטער בעללאריא שרייבט. און דא, מיר דאכט זיך, איז דער דאקטאר געקומען. —

(פארציא טרעט אויף, געקליידעט וויא א יוריסט.)

גיב מיר דיין האנד;
ביזטו געקומען פון בעללאריא?

פארציא. יא, מיין לארד.

הערצאג. דוא ביזט ווילקאממען. נעהם דיין פלאץ. ביזטו
בעקאנט שוין מיט דער קלאגע צוליעב וועלכער
מען האלט דיא זיצונג אין געריכטס־הויז יעצט?

פארציא. איך וויים דיא קלאגע דורך און דורך. וועלכער
איז דא דער קויפמאן, וועלכער איז דער ייד?

הערצאג. אנטאניא און דער אלטער שאילאק, קומט ביידע
הערויס.

פארציא. איז אייער נאמען שאילאק?

שאילאק. שאילאק איז מיין נאמען.

פארציא. אייער פראצעס איז זאנדערבאר, דאך איז
ער פון דער ארט דאס דיא וועגעדינער
געזעצע קענען אייך נים ווידערשפרעכען
לויט וויא איהר פיהרט איהם. — (צו אנטאניא) איהר שטעהט אין זיין
געפאהר? — נים וואהר?

אנטאניא. יא, אזוי זאָגט ער.

פארציא. זייט איהר מודה דעם וועקסעל?

אנטאניא. יא.

פארציא. דאן מוז דער ייד זיין מיטליידספאָל.

שאילאָק. דורך וועלכען צוואנג מוז איך עס? זאָגט עס מיר.

פארציא. געצוואונגען איז ניט דאָס געפיהל פון מיטלייד,
עס פאלט הערונטער וויא א רעגענדעל
פון הימעל אויף דער ערד. עס איז צווייפאך
געבענשט: עס בענשט דעמיענעגען וואס גיעבט
עס, און דעם יעניגען וואס נעהמט; ס'איז אין
דיא מעכטיגסטע אם מעכטיגסטען. עס פאסט
פאר דעם געקרוינטען קעניג בעסער וויא
זיין קרוין, זיין סצעפטער איז א צייכען פון
אנ'ערדענ-מאכט, דער צונאב צו רעספעקט
און מאיעסטעט, אין וועלכען ס'ליגט דיא אימה
און דיא שרעק פאר קעניגע. דאך מיטלייד
שטעהט העכער וויא דיא הערשאפט וועלכע איז
בעסצעפטערט. ס'האט א טהראָן אין הערצער
פון קעניגע; עס איז א טהייל פון גאט
אליין; און ערדענמאכט זעהט דאן אויס נור
אם עהנליכסטען צו גאט, ווען מיטלייד ווערט
געצייטיגט מיט גערעכטיגקייט. דארום,
דוא ייד, אבוואהל דוא בעטסט גערעכטיגקייט.
בערעכען דאס, דאס אויף דעם וועג פון דער
גערעכטיגקייט וואלט קיינער ניט פון אונז
געזעהן קיין זעליגקייט. מיר בעטען דאָ
פיר מיטלייד, און דאס זעלבינע געבעט
לערנט אונז אלעמען צו טהאן דיא טהאטען פון
רחמנות. כ'האב 'זוי פיעל גערעדט אום צו
פערלייכטערן דיא גערעכטיגקייט פון דיין
פערלאנגען. אויב דוא בלייבסט דערביי, דאן מוז
דאָס פינקטליכע געריכט — הויז פון ווענעדיג



געבען אנ'אורטהייל געגען יענעם קויפמאן,

שאילאָק. דיא טהאטען מיינע אויף מיין קאפ! איך וויל
ס'געזעץ, דיא שטראפע און דער אגוועהר פון
מיין וועקסעל.

פארציא. איז ער ניט פעהיג צו בעצאהלען דיר?

באססאניא. יא, כ'גיב עס איהם דאָ אין געריכט חוץ, — יא,
צווייפאך דיא סומע; און אויב דאס וועט ניט זיין
גענוג, וועל איך זיין פערפפליכטעט עס
צעהן מאהל צו צאהלען אויף דעם אגוועהר
פון מיינע הענד, מיין קאָפ, מיין הערץ. אויב דאָס
וועט ניט גענוג זיין, מוז עס אויסזעהן דאָס
בייזמוטהינקייט צייגט אונטער וואהרהייט, און
איך בעט אייך, רייסט נאר איין מאהל דאס געזעץ
צו אייער אויטאָריטעט, און אום א גרויסעס רעכט
צו טאהן, טהוט יעצט א קליינע עולה, און
האלט איין דעם ווילען פון דיזען גרויזאמען
טייפעל.

פארציא. עס קען ניט זיין, עס איז קיין קראפט ניטא אין
ווענעדיג, וואס קען ענדערן א געזעץ
וואָס איז בעגרינדעט. ס'וועט בעריכטעט
ווערען אלס א פארשריפט, און דורך דיזען
ביישפיעל וועלען פיעלע טעות'ען זיך
הערייננחאפען אין שטאאט עס קען ניט זיין.

שאילאָק. א דניאל איז געקומען צום געריכט.
יא, א דניאל. אה, וויא עהר' איך דיך,
דוא קלוגער, יונגער ריכטער.

פארציא. לאזט מיך א קוק טאהן, ביטע, אויף דעם וועקסעל.

שאילאק אָט איז ער, העכסט-געלעהרטער דאקטאר,
אָט איז ער.

פארציא. שאילאָק, מען באָט דיר דרייפאך אָן דיין געלד!

שאילאָק. א שבועה, א שבועה, איך האָב א שבועה אין הימעל:
זאל איך נאך זינדיגען דורך שווערען פאלש?

פארציא. נון, דאן איז דיזער וועקסעל א פערשפיעלטער,
און געזעצליך מעג דער ייד דורך איהם
פערלאנגען איין פונט פלייש, וועלכען ער זאל זעלבסט
אפשניידען, נאהענט וויא נאר מעגליך פון
דעם קויפמאנ'ס הערץ. זיי מיטלייד'ספאל.
נעהם דרייפאך דיר דיין געלד, און הייס מיר דא
צורייסען דיזען וועקסעל.

שאילאק. ווען ס'וועט בעצאהלט זיין לויט דעם אבמאך.
איהר זייט בעקאנט מיט דאס געזעץ; אייער
ערקלערונג איז געוועזן דורכאויס פערשטענדיג.
ד'בעפעהל אייך יעצט ביי דאס געזעץ פון וועלכער
איהר זייט אנ'עהרענווערטהער זייל, הויבט אן
צו אורטהיילען. כ'שווער ביי מיין זעעלע,
דיא מענשען־שפראך בעזיצט קיין קראפט ניט מיך
צו ענדערן. איך שטעה דא פיר מיין וועקסעל.

אנטאניא. איך בעט דאס געריכט־הויז זעהר הערצליך
צו געבען דעם אורטהייל.

פארציא. זא מוזט
איהר אייער ברוסט בערייטען פיר זיין מעסער.

שאילאק. אָה נאבלער ריכטער, אויסגעצייכענטער
יונגער מאן!

פארציא. דען דיא אבזיכט און דער ציעל פון דאס געזעץ
געהערט זיך געגצליך צו דער שטראפע אן
וועלכע ערשיינט דא אויפ'ן וועקסעל.

שאילאק. ס'איז
זעהר וואהר, א קלוגער, און גערעכטער ריכטער!
מיט וויא פיעל ביזטו עלטער וויא דוא זעהסט אויס!

פארציא. דרום עפען אויף דיין ברוסט. —

שאילאק. יא, זיין ברוסט,
'זוי זאגט דער וועקסעל, זאגט ער ניט 'זוי,
דוא נאבלער ריכטער?

פארציא. ס'איז אזוי. איז דא



פאראן געוויכט דאס פלייש צו וועגען?

שאילאק. כ'האב
זיי גרייט.

פארציא. האב דא א דאקטאר, שאילאק, אויף
דיין רעכנונג, איינצוהאלטען זיין וואונד
פיילייכט פערבלוטעט ער צום טויט.

שאילאק. איז דאס אזוי פערשריעבען אין דעם וועקסעל?

פארציא. ס'איז ניט 'זוי אויסגעדריקט, וואס מאכט עס אויס?
עס וואלט זיין גוט דוא זאלסט אזוי פיעל טאהן
אויס וואהלטהעטיגקייט.

שאילאק. איך קען עס ניט
געפינען, ס'איז נישא אין וועקסעל.

פארציא. נו, קויפמאנן, האסטו וואס צו זאגען?

אנטאניא. נור ווייניג, כ'בין געשטארקט, און גוט בערייט.
גיבט מיר איי'ר האנד, באססאניא, זייט געזונד.
זאל אייך ניט קריינקען וואס איך בין דערצו
דורך אייך געקומען; דען דערין ציינט זיך
דאס גליק נאך פריינדליכער וויא ס'איז געוואוינט.
עס איז נאך אלץ געוואהנט צו לאזען דעם
ערנידעריגסטען מענשען איבערלעבען
וואס ער פערמעגט, צו זעהען מיט א פוסטער אויג,
און א געקנייטשטען שטערן זיין ארמוטה אויף
דער עלטער; און פון דיזער לאנגער שטראף
שניידט זיא מיך אפ. רייד פון מיר גוטעס פיר
דיין עהרענווירדיגער פרוי. ערצעהלט איהר פון
אנטאניא'ס ענדע. זאגט וויא כ'האב אייך
געליעבט. רעדט פון מיר גוטעס נאך מיין טויט. און,
ווען דיא געשיכטע וועט שוין זיין ערצעהלט,
הייסט איהר זיין ריכטער אויב באססאניא האט
ניט ווען געהאט א ליעבלינג. האט ניט קיין
חרטה וואס איהר וועט א פריינד פערליערען,
און ער האט קיין חרטה ניט וואס ער

בעצאחלט דיא שולד. דען אויב דער ייד
וועט נאר איינשניידען טיעף גענוג, וועל איך
עס צאחלען דיא מינוט מיט'ן גאנצען הארצען.

באססאניא. אנטאניא, כ'בין פערהייראטה צו א פרוי
וואס איז מיר טהייער וויא דאס לעבען זעלבסט,
דאס לעבען אבער זעלבסט, מיין פרוי און אויך
דיא גאנצע וועלט, שעץ איך ניט מעהרער וויא
דיין לעבען. איך וואלט אלץ פערליערען, יא,
אויפאפפערן זיי אלעמען, אט דא,
צו דיזען טייפעל, צו בעפרייען דיך.

פארציא. אייער פרוי וואלט אייך וויינינג וואס געדאנקט
ווען זיא וואלט זיין דערביי צו הערען אייער
אנבאט.

גראציאנא. איך האב א פרוי, וועלכע, איך שווער, איך ליעב,
הלואי וואלט זיא געוועזן אין הימעל, צו
דערבעטען וועלכע קראפט צו ענדערן
דיזען הינטישען יידען.

נעריססא. ס'איז גוט וואס איהר באט אן הינטער איהר רוקען,
זאנסט וואלט דער וואונש געמאכט א רוהע לאזע הויז.

שאילאק. דאס זיינען זיי, דיא קריסטען-מענער! כ'האב
א טאכטער, הלואי וואלט אירגענד ווער
פונ'ם שטאם פון בארראבאס, איהר מאן זיין איידער
א קריסט! — מיר ברייגנען אוים דיא צייט, ביטע
זעצט פארט דעם אורטהייל.

פארציא. א פונט פון דיזען קויפמאנ'ס פלייש איז דיינס,
ס'געריכט בעווילליגט, דאס געזעץ ערלויבט עס.

שאילאק. א עהרליכער ריכטער.

פארציא. דוא מוזט דאס פלייש אפשניידען פון זיין ברוסט,
ס'געריכט ערלויבט עס, דאס געריכט בעווילליגט.

שאילאק. דוא העכסט-געלעהרטער ריכטער! ס'איז אנ'אורטהייל!
קום, גרייט זיך צו.

פארציא. ווארט נאר א ווילע. ס'איז נאך דא וואס אנדערס.



דער וועקסעל גיעבט דיר דא קיין טראפען בלוט.
דיא ווערטער זיינען דייטליך: איין פונט פלייש.
נעהם דיר אלזא דיין אבמאך, נעהם דיר דיין
פונט פלייש; אבער ביים שניידען עס, אויב דוא
פערגיעסט איין טראפען קריסטען-בלוט, דאן איז
דיין לאנד און וואארע, דורך דיא געזעצע פון
וועגעדיג, קאנפיסצירט צום שטאאט וועגעדיג.

גראציאנא. א דוא געלעהרטער ריכטער! מערק דיר, ייד!
א דוא געלעהרטער ריכטער!

שאילאק. איז דאס, דאס געזעץ?

פארציא. דוא זעלבסט זאלסט זעהן דעם אקט. דען וויא
דוא דריינגסט איין פאר גערעכטיגקייט, זיי זיכער
דוא זאלסט גערעכטיגקייט האבען, מעהר וויא
דוא ווילסט.

גראציאנא. א דוא געלעהרטער ריכטער: מערק דיר, ייד!
א דוא געלעהרטער ריכטער!

שאילאק. איך נעהם אלזא דיין אנבאט, צאהל מיר אפ
דעם וועקסעל דרייפאך, און דער קריסט זאל געהן!

באססאניא. אט איז דאס געלד.

פארציא. פאמעלאך!
דער ייד זאל האבען נור, גערעכטיגקייט.
פיין אכט; נור ניט געאיילט! ער זאל קיין זאך
ניט האבען, נור דיא שטראפע!

גראציאנא. א ייד!
אנ'עהרליכער ריכטער, א געלעהרטער ריכטער!

פארציא. דרום גרייט זיך צו דאס פלייש צו שניידען, ניט
פערגיס קיין טראפען בלוט; און שנייד ניט אב
ניט וויינינגער, ניט מעהר; נור פונקט א פונט.
אויב דוא נעהמסט מעהרער אדער וויינינגער,
וויא פונקט איין פונט,—זאל עס זיך זיין 'זוי פיעל
וואס סען עס שווערער אדער גרינגער מאכען,
אדער א טהיילבעלע א צוואנציגסטע

פונ׳ם קלענסטען וואַג,—ניין אויב דיא וואָג
וועט זיך נור קעהרען נים מעהר וויא אויף א האָר,—
שטאַרבסטו, און אַלל׳ דיין גוטס איז קאָנפיסצירט.

גראַציאַנאָ. א צווייטער דניאל; א דניאל, ייד!
יעצט האָב איך דיך געפּאַקט, אונגלויבינער.

פאָרציאַ. וואס וואַרט דער ייד? נעהם דיר דיין אָנוועתר.

שאַילאָק. גיבט מיר דעם קרן, און ערלויבט מיר געהען.

באססאניאָ. איך האָב עס דיר גרייט; אַט איז עס.

פאָרציאַ. ער האָט עס אין דאס אָפענע געריכט ענטזאַגט.
ער זאָל גערעכטיגקייט נור האָבען, און
זיין וועקסעל.

גראַציאַנאָ. כ׳זאָג אַלץ נאָך א דניאל! א צווייטער [illegible]
איך דאַנק דיר ייד, פאַר׳ן לערנען מיך דאָס וואָרט.

שאַילאָק. וועל איך ניט האָבען קוים מיין קרן?

פאָרציאָ. דוא זאָלסט קיין זאך ניט האָבען, נור דעם [illegible]
צו ווערען אויף דיין געפאַהר גענומען, ייד.

שאַילאָק. טאָ זאָל אַלזאָ דער טייפעל מיט [illegible] האַנדלען;
איך וועל נים לעננער טענה׳ן.

פאָרציאָ. וואַרט נאָר, ייד.
ס׳געזעץ האָט דאָך א צווייטע שולד אויף דיר.
עס איז געזאַגט אין דיא געזעצע פון
[illegible]ווענדיג, אויב עס וועט בעוויזען ווערען,
[illegible]גענען א פרעמדלינג, דאס ער האָט געזוכט,
דורך אינדירעקטע אדער דירעקטע מיטעל,
[illegible]אס לעבען פון א בירגער, דאַן זאָל דער,
[illegible]גענען וועמען ער האָט אינטריגירט,
[illegible] א העלפט פון זיינע גיטער. און
[illegible]ווייטע העלפט נעהט אין דער קאַסע פון
[illegible]טאאַט. און דאס לעבען פון דעם זינדער
[illegible] זיך אָן דער באַרמהערציגקייט
[illegible] הערצאָג זעלבסט, געגען יעטווידער
[illegible]ר שטימע. און אין דער בעשולדיגונג,



[illegible]טעהסטו, דען עס ערשיינט
און אויך דירעקט האסטו
[illegible]ין דאס לעבען פון
[illegible]טען, און אויף זיך געבראַכט
[illegible]וואס איך פריהער דא דערמאַנט.
[illegible] בעט ערבאַרמען פון

גראַציאַנאָ. [illegible]ט דיא ערלויבניס זיך צו הענגען, און
[illegible]ייכטהום איז פערשפּיעלט,
[illegible]סטו זאָגאַר [illegible] אויף א שטריק.
[illegible]ירען אייף דעם רעכנונג

[illegible]סט זעהען דעם אונטערשיעד
[illegible] איך דיר דיין לעבען
אייד[illegible] העלפט פון דיין רייכטהום,
איז אַנטאָניאָ[illegible]ייטע נעהט
צום אלגעמיינעם שטאַאט. דורך הכנעה
קענסטו עס ענדערן אין א שטראָפצאהלונג.

פאָרציאָ. יא, פאַר׳ן שטאַאט, נים פאַר אַנטאָניאָ.

שאַילאק. נעהמט צו מיין לעבען, און אלעס, ניט פערגיעבט
מיר דאס. איהר נעהמט מיין הויז ווען איהר נעהמט צו
דיא שטיצע וועלכע האַלט זיא אויף; איהר נעהמט
מיר צו דאס לעבען ווען איהר נעהמט אוועק
דיא מיטעל וואס איך האָב צום לעבען.

הערצאָג. וועלכע געפעללינקייט קענט איהר איהם טאָהן
אַנטאָניאָ?

גראַציאַנאָ. א שטריק אומזאנסט, ניכט מעהר, אום גאָטעס ווילען.

אַנטאָניאָ. זאָל עס מיין לארד, דעם הערצאָג, און דאס גאַנצע
געריכט, געפעהלען זיין דיא שטראָפע אָפּ-
צולאָזען פיר איין העלפט פון זיינע גיטער.
איך בין צופרידען אויב ער וועט מיך לאזען
דיא צווייטע העלפט געברויכען, אונד, ווען ער

